# DIKHTER UN SHAFER FUN NAY-HEBREYISH

Menachem Ribalow





# אינהאַלט:



*
**

איינע פון די גרעסטע און שענסטע דערגרייכונגען פון אונזער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג איז, אָהן שום ספק, די נייִ-העברעאישע ליטעראַטור. אין איהר האָט זיך ענטפלעקט, מיט זיין גאַנצער ברכה, אונזער באַגייסטער און פאַרשטאַרקטער גייסט פון שאַפען. ענערגיע וואָס האָט געדרימעלט ערגיץ אין די טיפעגישען, אין משך פון דורות, האָט ערוואַכט און דורכגעבראָכען פאַר זיך אַ וועג—אין העברעאיש. אָבער די וואָס מיינען, אַז דאָס איז נאָר אַ שפּראַך-באַוועגונג, אַ מין ליבע צו לשון קודש, האָבען אַ שטאַרקען טעות.

עס איז פיל מער ווי דאָס.

עס איז אַ קולטור-אויפלעבונג, אַ ליבע-באַהעפטונג פונ'ם נייעם איד-מענש מיט זיין מקור, מיט'ן קוואַל פון זיין שאַפען. עס איז געשיכטע אַקטואַליזירט אין לעבען, דערהויבען צו היסטאָרישער וויזיע. אַזוי איז פאַראייניגט געוואָרען דער ריטם פון אוראַלטען העברעערטום מיט דער טעמפאָ פון דעם היינטיגען לעבען פון מאָדערנעם אידען — דורך דער אַלט-נייער העברעאישער שפּראַך.

און דאָרט וואו ס'איז געווען פאַרבאָרגען ברכה איז אויך געווען אַן אָפענער גערעַנגל. מיט איין האַנט האָט העברעאיש נעהענטער געמאַכט דאָס ווייטע און מיט דער אַנדערער—ווייטער געמאַכט דאָס נאָהענטע. מיט איין האַנט אַנטפלעקט, מיט דער צווייטער—פאַרבאָרגען.

די פּאָעזיע, וועלכע האָט דערגרייכט צו אַזאַ הויך דורך ביאַליק'ן, האָט זיך גיכער געקאָנט אָנשפּאַרען אָן תנ"ך. דאָס נביא'ישע האָט געלאָקט, דאָס עפּישע האָט גע'כשופ'ט.

אָבער די ערציילערישע פּראָזע, וועלכע האָט געפונען איר מייסטער אין מענדעלין, און די פּובליציסטיש-פילאָזאָפישע פּראָזע, וועלכע האָט געפונען איהר אַרכיטעקט אין אחד-העם'ן, האָבען זייער תקון ניט געקאָנט געפינען אין תנ"ך. זייגען זיי געגאַנגען ווייטער—צום מדרש און צו דער מיטעלאַלטערליכער ליטעראַטור און ביז חסידות און גלות-פאָלקסטימליכקייט.

און אַזוי איז מיט דער שפּראַך-וואַנדלעניש און סטיל-זוכעניש פאָרגעקומען דער טיפערער פּראָצעס פון אינערליכער קריסטאַליזירונג און פון אידיש-מענשליכער וועלט-אויפפאַסונג.

סאָציאַל-עטישע און נאַציאָנאַל-מענשליכע מאָטיוועו האָבען זיך פאַרקניפט און פאַרבונדען מיט קינסטלעריש-עסטעטישע און דיכטעריש-שאַפערישע, און די נייִ-העברעאישע ליטעראַטור האָט, דורך אירע דיכטער און שאַפער, באַקומען אַ באַזונדערע קראַפט און אַ באַזונדערען ווערט אין אונזער לעבען.

זי האָט מיט זיך געבראַכט שוואונג און וויזיע. דער ברייטער היסטאָרישער פאַרנעם האָט איר געגעבען דעם גרויסען סטיל און איר דורשט נאָך לעבען האָט איר געגעבען צאַפּלדיגע פרישקייט.

און מערקווירדיג: מיט דעם גאַנצען אויפבליה פון דער העברע-אישער ליטעראַטור אין די לעצטע יאָרען, ספּעציעל אין ארץ-ישראל, ווערען פיל מער איבערזעצונגען געמאַכט פון אידיש אויף העברעאיש, ווי פון העברעאיש אויף אידיש. און אויך די אידישע קריטיק האָט זעהר ווייניג געטאָן אויף דעם געביט.

דערפאַר גלויב איך, אַז ס׳איז כדאי און נוצליך אַרויסצוגעבען אַ בוך קריטישע אָבהאַנדלונגען אין אידיש וועגען „דיכטער און שאַ-פער פון ניי-העברעאיש״. און ווי יעדער ערשטער, אָדער בן-יחיד, וועט אויך ער אפשר זיין אַן אָנגעלעגטער גאַסט, און דערוועקען אין דעם אידישען לעזער דעם חשק זיך צו באַקענען נעהענטער מיט דער העברעאישער ליטעראַטור.

די 14 אַרטיקלען, וואָס זיינען אַריין אין בוך, זיינען באַזונדערע אָבהאַנדלונגען, געשריבען אין פאַרשידענע צייטען צו פאַרשידענע גע-לעגענהייטען. די איבערוועגענדע מערהייט פון זיי זיינען פאַרעפּענט-ליכט געוואָרען אין משך פון 15 יאָר אין דער „צוקונפט״, אונטער א. ליעסינ׳ס רעדאַקציע. די אַרטיקלען וועגען ש. י. עגנון און יעקב פיכמאַן זיינען איבערזעצט געוואָרען פון מיין נייעם העברעאישען בוך „סופרים ואישים״.

וועגען צוויי אַרטיקלען פאָדערט זיך אַ קליינע דערקלערונג.

בן-עמי האָט, ווי באַוואוסט, אַליין ניט געשריבען קיין העברע-איש, און ממילא קאָן מען אים צווישען די שאַפער פון ניי-העברעאיש ניט פאַררעכענען. פון דעסטוועגען האָב איך אים אַריינגענומען. ווייל ביאַליק מיט אַ גרויסע שרייבער האָבען אים אַזוי „פאַרהעברעאיזירט״ מיט זייערע וואונדערבאַרע איבערזעצונגען, אַז פאַר פילע פון אונז איז ער ערשינען ווי אַן אָריגינעל-העברעאישער שרייבער. און ווייל דער דאָזיגער מלבוש האָט זיך אַזוי געפּאַסט צו אים—איז ער פאַרבליבען אינעווייניג.

י. י. שוואַרצ׳ס בוך איבערזעצונגען פון דער מיטעלאַלטערליכער העברעאישער פּאָעזיע באַלאַנגט געווים ניט צו דער ניי-העברעאישער דיכטונג. אָבער דאָך האָט מיר אַן אינערליכער חוש געהייסען געבען דאָס אַרטיקעל אַלס אַ ביילאַגע, ווייל ערגיץ-וואו פאַרבינדען זיך היינט מיט נעכטען.

הלוי און ביאַליק, אבן-עזרא און טשערניכאָווסקי, אבן-גבירול און שניאור זיינען אין תוך ברידער און שותפים צו איין גרויסער שאַפונג וועלכע הייסט „העברעאישע פּאָעזיע״. מ. ר.

# ח. נ. ביאַליק

## א.

איבער אַלץ וואָס חיים נחמן ביאַליק האָט געשאַפען שוועבט דער גייסט פון טיפער ערפרוכט און דורכגעליטערטע יסורים. אין אַלע זיינע זאַכען, אַפילו די ערשטע, רויהע, יוגענטליבע — איז דאָ טיף־קערענדיגעס, וואָס בלייבט ביי זיין כוח, ביי דער אייגענער קרעפטיגקייט — פון היינט און אויף תמיד. ער איז דער שאַפער פון דער ניי־העברעאישער פּאָעזיע ניט נאָר דערפאַר וואָס ער האָט טיף און געניאַל דורכגעדרונגען די העברעאישע שפּראַך מיט אַלע אירע פאַרבאָרגענע וועגען, מיט אַלע אינטימע קאַפּריזען אירע — נאָר דערפאַר וואָס ער האָט מיט אַ באַזונדער גבורה געשמידט, געטאָקט און געשניצט דעם עצם וועזען, דעם תוך און פאָרם פון דער גרויסער מענשליכער דערגרייכונג, וואָס מיר רופען „פּאָעזיע". ס'גלוסט זיך ניט רעדען פון אַ גרויסען פּאָעט אַלס אַ פּראָדוקט פון דער עפּאָכע, אַלס אַ זוהן פון זיין מאַמע־צייט. גרויסע דיכטער זיינען גרעסער פון אַלץ, העכער פון אַלץ; פאַר זיי איז ניטאָ דאָס סדום־בעטעל פון פאַרשידענע פרעמדע באַגריפען — „איזמען", וואָס פאַרקלענערען נאָר און באַגרעניצען נאָר זייער ווערט. פאַרקערט, ס'איז דאָ אַ בולטע און שאַרפע ווירקונג פונ'ם יחיד אויפ'ן רבים — פונ'ם פּאָעט אויף דעם וואָס אַרום. אַלע גרויסע זיינען ערשטע. ביאַליק איז אַן ערשטער. ער האָט באַרירט דאָס וויכטיגסטע, דאָס ערשטע — און אַלעס וואָס ווערט

דורכגעלייטערט דורך זיין קינסטלערישען ווילען און שאפען — איז וויכטיג און ערשט. און עכט. דערפאר ליגט אויף זיינע זאכען אזא וויכטיגקייט־געוויכטיגקייט.

אין זיין לעבען און אין זיין שאפען איז ביאליק געווען גע־בענשט מיט גרויסער פשטות און זעלטענער גאנצקייט. זיין „איך" איז דערזעלבער פאר זיך און פאר לייטען.

„שמש אחת במרום ושיר יחיד ללב ואין שני" — איין זון איז אין הימעל, איין ליד אין מיין הארצען — קיין צווייטע ניטא.

דערפאר איז אזוי איבערצייגענד זיין קראפט, און אפילו די לעסטערונג זיינע. דארף מען דען פארשווייגען א שאנדע? דארפען מיר דען אראפשלינגען מפלות — איינע נאך דער צוויי־טער? וואס טויג די חנופה? וואס טויג דאס פאלשע בארו־היגען זיך מיט א זיסען חלום, ווען פאר די פיס לויערט דער אפגרונט?

ביאליק טענה'ט מיט אזא אפערנהארציגקייט צו די הימלען, אז אפילו זיי אליין — און דער וואס זיצט אין זיי — קאנען דוכט זיך קיין ענטפער ניט געבען. „הימלען — רופט ער צו זיי — בעט איר רחמים פאר מיר, אויב ס'איז דא אין אייך א גאט און אויב איר האט א וועג צו אים — ווייל איך האב אים ניט געפונען — בעט־זשע איר פאר מיר!"

און מיט דער זעלבער אפענהערציגקייט און דרייסטען ארויס־רוף ווענדעט ער זיך צום הענקער, וואס מארדעט אלט און יונג: תליון, ווילסט מיין האלז — קום און שעכט! קעפ מיך ווי א הונט — — — גיס מיין בלוט, מ'מעג — און לאז דאס רינען, שטראמען — דאס בלוט פון יונג און אלט — אויף דיין העמד — און קיינמאל, קיינמאל זאל דאס ניט אפגעווישט און אפגעוואשען ווערען.

ער רעדט זיך ניט איין קיין פוסטע חלומות, און טרייסט ניט זיין־אונזער גרויסען בראך מיט פאלשע נחמה־נבואות. איז

דאָ גערעכטיגקייט — צו וואָס זי באַהאַלטען אויף שפּעטער? זאָל זי קומען באַלד:

ואם יש צדק — יופע מיד!
אך אם אחרי השמדי מתחת רקיע
הצדק יופיע —
ימוגר-נא כסאו לעד!

„אויב ס'איז דאָ גערעכטיגקייט — זאָל זי באַלד ערשיינען; נאָר אויב זי וועט זיך ערשט באַווייזען נאָכדעם ווי איך וועל פאַרטיליגט ווערען פון אונטער דעם הימעל — זאָל-זשע איר שטול צושמעטערט ווערען אויף אייביג". דאָס איז די פּרימיטיווע איינפאַכקייט פון תנכ'ישען סטיל, דאָס איז די טיפע מאָראַלישע איבערצייגונג וואָס ברענגט צו איוב'שען רעוואָלט. דאָס איז דער נאַקעטער אמת — אָהן דעם לבוש פון גלויבען און שיינקייט אפילו.

מיט דעם כוח פון הויכער דרייסטקייט און טיפער צורודערונג צייכענען זיך אויס אַלע זיינע געזעלשאַפטליך-נאַציאָנאַלע לידער. נאָך מער קראַפט געווינען זיי דערמיט וואָס זיי זיינען אַלע במעט, אַחוץ אַ קליינעם אויסנאָם, ריין אינדיווידואַליסטיש. זיי זיינען לחלוטין ניט עהנליך צום געוויסען מין נאַציאָנאַלע לידער, פון וועלכע ס'רעדט אַרויס די רעטאָריק, פון וועלכע ס'פּרעדיגט אַרויס די מוסר-השכל'דיגע פּובליציסטיק — אין רוב פון זיי ווערען אַפילו ניט דערמאָנט ניט די קאָלעקטיווע טער-מינען פון פאָלק, נאַציע, ניט די אַבסטראַקטע אומבילדליכע באַגריפען ווי אידעאַל, גלויבען א. אַז. וו. ס'איז אַ פּערזענ-ליכע טראַגעדיע, וועלכע שטראָמט אַרויס פונ'ם אַלגעמיין-נאַציאָ-נאַלען און פליסט צום אוניווערסאַלען מענשליכען. „הימלען, בעט איר רחמים פאַר מיר". „איך האָב געוואוסט, אַז ווי אַ שטערן וועל איך אויסגעלאָשען ווערען אין אַ פינסטערער נאַכט — און קיין שטערן וועט מיין קבר ניט וויסען". טיף פּערזענליך. און דער-פאַר — אַזוי איבערצייגענד, אַזוי נאָהענט און פאַרשטענדליך.

אַפילו אין דער „שחיטה שטאָדט" („בעיר ההרגה") און אין „לעצטען וואָרט" — אַט די לידער פון „אונזער צער און צאָרן" איז דער אָנהויב און דער סוף, דער מיטען און דער תוך דורכ־געוועבט און דורכגעדרונגען פונ'ם פערזענליכען „איך":

פון שטאָל און אייזען, קאַלט און האַרט און שטום
שמיד אויס אַ האַרץ פאַר זיך, דו מענש—און קום
קום גיי אין שחיטה-שטאָט, זאָלסט זעהן מיט דיינע אויגען
זאָלסט אָנטאַפּען מיט דיינע אייגענע הענט . . .

און צום סוף ווידער דער „איך"—

און איצט געגנוג, אַנטלויף, דו מענש, אַנטלויף אויף אייביג!..
און וואַרף אַרויס דיין האַרץ פאַר ווילדע הינט
און לאָז דיין טרער אַראָפּפאַלען אויף הייסע שטיינער
און דיין געשריי זאָל איינשלינגען דער שטורעם...

און דערפאַר וואָס די טיפע נאַציאָנאַלע טראַגעדיע האָט זיך אַזוי שאַרף דורכגעשניטען דורך אַלע חושים פון פּאָעט — איז דאָס געוואָרען זיין סטיכיע, זיין פערזענליכער וועהטאָג, זיין פער־זענליכער פיין, וועלכער זוכט אויסלייזונג, וועלכער זוכט אַ תיקון. דער פּאָעט טראָגט אין הארצען דעם שטאָלצען, פיינ־ליכען געפיהל פון העכערער עלענדקייט און אויסערוויילקייט. צווישען אים, דעם זעהער־אָנזאָגער און אונז, דעם עולם — ליגט אַ תהום פון ניט פארשטיין, ניט דערהערען און ניט דערפיהלען. מיר זיינען אריינגעטאָן אין קליינינקייטען, אין די אונאויפהער־ליכע „הבל הבלים" — און ער ווערט פאַרברענט פון דעם אינער־ליכען פייער וואָס צווינגט אים מעהר ווי צו זינגען. אים ברענט אַ „וואָרט" (אויף דער נביאישער שפּראַך: דבר, דבר ד') אפשר דאָס לעצטע וואָרט:

און איצט געגנוג, אַנטלויף, דו מענש, אַנטלויף אויף אייביג!..
און וואַרף אַרויס דיין האַרץ פאַר ווילדע הינט
און לאָז דיין טרער אַראָפּפאַלען אויף הייסע שטיינער
און דיין געשריי זאָל איינשלינגען דער שטורעם...

דאָס איז אַ שטראָף פאַר אונזער אופן לעבען. מיר זיינען

אַוועק פונ׳ם מקור, פון זיך אַליין — און דערפאַר געוואָרען פאַר־אָרימט, קליין און שפל. יורדים געוואָרען, יורדים. און ניט נאָר מיר — נאָר אַפילו דער אַלמעכטיגער אונזערער האָט זיין אַלמעכטיגקייט פאַרלאָרען:

„וועל איך אייך עפענען קומט זעהט — איך האָב ניט! אַ גאָט׳ס רחמנות איז אויף אייך—נאָר כ׳האָב בישט! אַ יורד בין איך, גלייך מיט אייך פאַראָרימט...” און „איך האָב שוין מעהר קיין שפראַך פאַר אייך — פאַר אייך איז פרעמד און טויט גאָט׳ס שפראַך און אָפגעשטויסען איז גאָט׳ס האַנט און גאָטעס וואָרט איז אויסגעלאָכט”.

ניט אומזיסט קלעפּט זיך אַזוי צו ביאַליק׳ן דער נאָמען „נאַציאָנאַלער פּאָעט”, „נביא” א. ד. גל. דער כלל־געפיל איז דער יסוד פון זיין נשמה. ער איז אַ יחיד וואָס שפּיגעלט אָפּ אין זיך דעם רבים, דעם קאָלעקטיוו. זיינע שטראָף־רייד זיינען ניט געווענדעט נאָר צו יענעם, זיי זיינען גיכער אַ ודוי פון אַ מענשען, וואָס פיהלט זיין קראַנקהייט, וואָס איז די קראַנקהייט פון זיין פאָלק און אויך די קראַנקהייט פון דער מענשהייט. דער־פאַר איז ער אין זיינע „נביאישע” שטראָף־לידער אַזוי אומ־דערבאַרעמדיג. דאָס איז דער וועג פון אַלע עטישע פּערזענ־ליכקייטען, די וואָס פיהלען מיט זייער וועזען דעם אונטערגאַנג פון אַ וועלט, וואָס האַלט זיך אויף שקר און אכזריות.

אין זיינע מוסר־לידער ליגט אַ באַזונדערער כוח, ווייל ער שטראָפט ניט יענעם, נאָר זיך. ניט נאָר דער כלל איז זינדיג און שולדיג, נאָר אויך דער פרט, וועלכער איז אַ קליינער טייל פונ׳ם גרויסען כלל.

אַלע פּאָעטען האָבען ליב זיך שטעלען העכער פון המון און שפּאָטען פון אים. שטראָפען און דערנידעריגען אים. צוויי וואָגשאָלען ווערען געוויזען. אויף איינער ליגען זיי, די רבים, די מאַסע. אויף דער צווייטער — ער, דער יחיד, דער פּאָעט.

און פאַרשטייט זיך, אַז די שאָל אויף וועלכער עס ליגט

דער איינער און איינציגער, דער אויסגעוויילטער און געזאלבטער, וועגט איבער, מיט איר חכמה און מיט איר צדקות, מיט איר שיינקייט און מיט איר ליכטיגקייט. און אבי דער פּאָעט ענדיגט דאָס „וועגען" — ווערט ער באַרוהיגט פון זיין אייגענער שטאָלץ און פון זיין אייגענעם יחוס. ער האָט געוואונען און ס'איז אים גוט.

אָבער ביאַליק'ן איז ניט גוט. ווייל ביאַליק'ס מוסר איז אַנ'אַנדערער. ער איז ניט געווענדעט אויף עמיצען אַנדערש, נאָר קודם כל אויף זיין פאָלק, וואָס איז ער. ווייל ער איז די פאַרקערפּערונג פון פאָלק. און אַז ער שמייסט זיין פאָלק, שמייסט ער זיך. דערפאַר איז דאָ אַזאַ מין שאַרפער און אינער־ליכער טרויער אין זיינע תוכחה־לידער.

דער פּעסימיזם איז ניט קיין אַלגעמיינער נאָר אַ טיף־פּערזענליכער. און אַז ער טענה'ט זיך אויס מיט אונז — טענה'ט ער זיך באמת אויס מיט זיך אַליין. און אַז ער שמייסט און שטראָפט מיט די בייטשען פון זיין גליהענד וואָרט — שמייסט ער זיך, רייניגט ער זיך.

אין „דבר" (דאָס וואָרט), „אָכן גם זה מוסר אלהים" (יאָ, דאָס איז אויך אַ שטראָף פון גאָט) און „קראו לנחשים" (רופט צו די שלאַנגען) גייט דער פּעסימיזם העכער, ווערט פאַר־ביטערט, שפּריצט מיט גאַל און טריפט טראָפּענס בליי; דאָ האָט ער אפילו דאָס וואָרט נבלים (נידערטרעכטיגע). זיי נוצען אויס די פייערדיגע קויל פון נביא פאַר זייער פלייש געבראָטענעם און מיט דעם פונק וואָס פליהט אַרויס פונ'ם נביא'ס האַרץ פאַררויכערען זיי זייער ליולקע. זיי זאָגען נאָך די תפילה וואָס דו האָסט זיי אויסגעלערנט, זיי וויטאָגען מיט דיר — און אין דער שטיל קוקען זיי אַרויס אויף דער צעשטערונג פון דיין מזבח, אויף דיין מפּלה. שוין גיכער צו נעמען די שטיינער און אויס־פּלאַסטערען מיט זיי זייערע הייזער — און שטעלען מצבות אויף קברים.

ווייטער א חורבן. א טיפער חורבן:

ס'וועט זיך אָפּטאָן דאָס שיינקייט פון אייער הויז און פאַר־אַרימט וועט עס ווערען. גאָט'ס גנאָד וועט אייער שוועל ניט איבערטרעטען און די הילפס פרייד וועט אין אייער פענסטער ניט אָנקלאַפּען: איר וועט קומען אין דער חורבה דאַווענען און וועט ניט קענען. איר וועט זוכען א טרער פון טרייסט — און ס'וועט ניט זיין. איר וועט אָנטאַפּען דעם אייוועץ פון דער חורבה — זיינע שטיינער זיינען קאַלט און אין זיין קאַלטען אַש ווײנט די קאַץ און יאָמערט.

איז אַלעס געקומען צום סוף? „און רייד ניט מעהר. ניט וויין, ניט שריי, בויג אָן דעם קאָפּ און ווער פאַר־שטומט — — —״?

ניין. אין דעם „לעצטען שוואַרצען בליץ״, אין דעם לעצ־טען צאָרנדיגסטען קריץ״ איז פאַרבאָרגען די קראַפט, וואָס גייט און מוז קומען צו בויען און צום שאַפען. דער ליכטיגער ווילען האָט זיך דורכגעשלאָגען זיין וועג דורך די פינסטערע וועגען פון אינדיווידועלען און נאַציאָנאַלען פעסימיזם, און פון די באַ־האַלטענע תהומות האָט זיך נאָך לאַנגע מלחמות ארויסגעריסען א פרישער, געזונטער קוואַל, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגען א וועג אין דעם פאַרפלאָנטערטען וואַלד — דאָס איז ביאַליק'ס קוואַל.

ב.

פול מיט ווילען. איבערפילט מיט קראַפט. ווילען וואָס באַוועגט. קרעפטיגקייט וואָס בליהט. דאָס איז ביאַליק. אויס־דרוקספול און שטאַרק, קאָנצענטרירט און בליציג. דאָס איז ביאַליק'ס ליד. זיין לשון — רייף און קלאָר. זיין פיהלען — ערדיש און געזונט. איז נאָך גרעסער דער חדוש: ער, וואָס האָט געהאַט בייצושטיין די פאַראיידעלטע אבסטראַקציע פונ'ם העב־רעאישען וואָרט, דעם רוחניות'דיגען כשוף פון די העברעאישע זאַצען. ער איז אַזוי להוט נאָך פּרטים. ער אַנטלויפט

פון דעם אַלגעמיינעם־ניוועלירענדען און צאַפּעלט זיך מיט לעבע־דיגע, ציטערדיגע איינצייליהייטען. ביי אים וואַקסט אויס אַ בילד פון מאָזאַאיק, פון איינציגע שטראַהלען. די דאָזיגע צע־גלידערונג פונ׳ם איינהייטליכען, פונ׳ם קאָסמישען שטאַמט פונ׳ם שטענדיגען דורשט נאָך ענטפּלעקען, פון דעם ווילען צו דער־זעהן און דערפּיהלען די באַזונדערע ליכטיגע מאָמענטען פון וועלט און לעבען; די „צפרירים״ (אויף דער קבלה־שפּראַך: מאָרגען־רוחות וואָס צוטראָגען די בשורה, אַז די זון געהט אויף) וועקען אים אויף גאַנץ פרי. זיי קלאַפּען זיך ווי טויבען אין זיין פענסטער און רופען אים.

די „צפרירים״ רופען זייער חבר—ער איז דאָך אויך אַ צפריר —ער זאָל אַרויס צו זיי. פול מיט קינדער־פרייד ווילען זיי זיך צע־לאָזען איבער דער גאָרער וועלט. און וואו נאָר אַן אָרט זיי ווילען געפינען, ווילען זיי שפּרייטען־שפּריצען ליכט: אויף די האָר־קעפּלעך פון זאַנגען, אויף די לאָקענדע צעפּלעך, אויף דעם סאַמעט פון דער וואַסער, צווישען פּאַסען פון די בוואַליעס, אין שמייכעל פון אַ שלאָפענדיג קינד, אין האַרצען פון אַ באַרעמהערציגער מאַמע, אין טראָפּענס פון מאָרגען־טוי, אין די בעקלעך פון אַ יפה־פיה, אין אַ קינד׳ס טרער, אין אַ שמעטערלינג׳ס אַ פליגעלע, אין דעם בראָכוואַרג פון אַ גלאָז, אין אַ זייפענבלאָז, אַ מעשען קנעפּעל און די ריימען פון אַ ליד.

אָט אין די שברים — אין דעם וואונדערליכען בראָכוואַרג הערען מיר טיפע קלאַנגען פון נאַטור־און־מענש־פּאַראייניגטער־מוזיק. דאָס איז דאָך דער דופק פון דער וועלט. פון דער צוגלידערונג, פון די איינצעלנע בליצען שיינט אַרויס און זינגט אַרויס צו אונז די היילענדע איינהייט פון אַלעם וואָס לעבט און שפּראָצט און בליהט . . .

ביאַליק באַזיצט אַ וואונדער־כוח פאַר גלייכגעוויכט און מע־סיגקייט. זאָל עס הייסען רעאַליזם? זאָל עס הייסען באַהעפ־טען זיך מיט דער ערד? נאָר ווען עס קומט צו ליניען, וואָס

ציהען זיך צווישען צוויי וועלטען — דאַן הויבט ער אָן אַן אמת'ן קונסט־טאַנץ. מיט זיכערע טריט און אויסערגעוויינליכער שטייפקייט שפּילט ער מיט שאָטענס, וועלכע ער פאַרוואַנדעלט אין רעאַלע געשטאַלטען, און דאָס רעאַלע גיסט זיך צונויף מיט דעם ספק'דיגען, שאָטענדיגען יש. ער ציהט צו זיך, ער ציהט צו דער ערד, צו רעאַליטעט. דאָס אפשר דערפאַר וואָס צופיל כחות און צופיל טראַדיציע ציהען אים העכער — דערפאַר ברענט אין אים דער ווילען צו גובר זיין און אראָפּשלעפּען דעם הימעל אויף דער ערד, אריינפּאַסען די הימעל־זון ביי אונז אין האַרצען. די מאָרגען־ווינטעלאַך, די קבלה־„צפרירים" ווערען ביי אים פאַרוואַנדעלט אין לעבעדיגע שטיפערס. זיי רופען אים, זיי ציהען אים—און ער, דער שכור'ער פון ליכט, דער שכור'ער פון גלוסט ווערט ניט איבערגערעדט. די אויגען מאַכען זיך צו, די אויגען מאַכען זיך אויף—אוי גאָט, די ליכטיגקייט פאַרפּלייצט מיך! — און די ליכטיגע שטיפערישע צפרירים ווערען פאַרבע־טען אין שטוב אריין.

הו אלי בואו זכים, צפרירי התום!
אל מתחת לסדיני הצחור, הצת!

קומט צו מיר, איר ריינע, אומשולדיגע רוח'לאַך — אונטער מיין ווייסען און ציכטיגען ליילאַך. איר וועט טאַנצען, איר וועט שפּרינגען אויף מיין הויט און יונגען לייב. דרינגט אריין צו מיר אין האַרץ. קומט אריין אין מיין נשמה, דאָרטען זייט און שיינט.

דאָ קומט פאָר אַ מערקווירדיגע קאָנצענטראַציע פון פאַר־שידענע לעבענס־כחות אין איין קערפּער פון אַ מענשען. דער איין־און־איינציגער אָרגאַניזם ווערט אַ מיטעל־פּונקט, אַ צענטער וואו אין אַ פּאָקוס ווערען אָפּגעשפּיגעלט און אָפּגעשפּילט דער קאָסמאָס. דאָס לייב ווערט געשמיסען פון ריטער שיין. די ליפּען ווערען ווי שוועלען פאַרפּלייצט פון שטראַלען וואָס רייד־סען זיך אריין אינווייניג, די טיפענישען פון די שוואַרצאַפּלען

שלאָגען ארוים פון זיך קוואַלען באַגייסטערונג — און ליכטיג־קייט. אַ זיסע גלוסטעניש און דרימעל באַפאַלען דעם קערפּער און יעדער נערוו, און יעדער אָדער — איז אַ רעהר וואָס פליסט מיט תענוג (וכל עורק וגיד—צנור תענוג שופע).

אָט די וואונדערבאַרע קאָנצענטרירונג און איבערשאַפונג פון׳ם כלל אינ׳ם פרט איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר ביאַליק׳ן בכלל און זיינע נאַטור־לידער בפרט. אין זיינע צוויי פּאָעמען: „זוהר” און „הברכה”, אין וועלכע ער דערגרייכט די גרעסטע שטופע פון זיין פּאָעטישען אויסדרוק און רעליגיעזער באַ־העפטקייט מיט די סודות פון דער נאַטור, קריסטאַליזירט זיך אָט די דאָזיגע פּאַרטיפונג אין זיך, אָט דאָס פּאַרגעטערונג פון דעם מענשליכען „איך” — אַלס דער צענטער פון דעם וועלט־וועזען.

דאָס איז אַן איינגעבאָרענע זאַך. אַלע זיינע אייגענשאַפּ־טען האָט דער פּאָעט פון זיך אַליין אויסגעהאַקט. ער האָט ביי קיינעם ניט גע׳ירש׳ענט, ביי קיינעם ניט גענומען.

> לא זכיתי באור מן ההפקר, אף לא בא לי בירושה מאבי,
> מסלעי וצורי נקרתיו וחצבתיו מלבבי, ניצוץ אחד בצור לבי
> מסתתר, ניצוץ קטן—אך כולו שלי הוא, לא שאלתיו מאיש, לא
> גנבתיו—כי ממני ובי הוא.

און מיט דער דאָזיגער קינדישער גאַנצקייט, וואָס ווערט ערגעץ אין דער טיפעניש אָנגעקניפּט אָן דער אוראַלטער פּרימיטיווקייט, איז ער אַרומגעגאַנגען צווישען אונז אַ גרויסען יחסן און אַ קינד פון ערשטע, פון געטליכע אָנזאָגער און ליכטיגע זעהער. ער פּלעגט קוקען טיף אין אויג פון דער וועלט, דאָרט האָבען זיך אים זיינע חברים אַנטפּלעקט, זייערע סודות האָט ער פּאַרנומען און האָט ביי זיך, אין שטומען האַרצען, זייער קול פּאַר׳חתמ׳עט.

אין „זוהר” און „הברכה”—וואָס זיינען באמת איין פּאָעמע פון ליכטיגקייט — רודערט זיך אַ וועלט, אַן אָפּגעשפּיגעלטע, קריסטאַליזירטע און דורכגעלייטערטע. דאָרט לעבט דער מיטוס

פון קינדהייט. דאָס איז דאָס אונבאַרירטע, דאָס הייליגע — דער קדשי קדשים וואוהין קיין איין פלעק פון זינדיגקייט און קליינליכקייט ווערט ניט פאַרבלאָנדזעט. דאָס איז דער גן עדן פון וועלכען דער היינטיגער מענש איז פאַרטריבען געוואָרען. איצט ווייזט אונז אוים די דאָזיגע וועלט ווי אַ פאַרגליווערטע, ווי אַ שפּיגעל־וועלט, וואו אַלטע, אַמאָליגע פאָרמען זיינען פאַר־גליווערט געוואָרען אין קאַלטען קריסטאָל — אַן עולם הפוך אין וועלכען דער בוים שטייט מיט די צווייגען אַראָפּ, אַ וועלט אַ גבור, וועלכע ליגט ווי שמשון געבונדען ביי דלילה׳ן. מיר פיהלען שוין ניט די אונמיטעלבאַרע קראַפט זיינע, זיין אינערליך לעבען איז אַ ווייטער חלום פאַר אונז. ביי ביאַליק׳ן איז עס דאָס רעאַלסטע, דאָס שעהנסטע. נאָך די גרויסע „חבלי לידה”, פאַלט ער צו מיט זיין גאַנצער גלוסט און קוועלענדיגער ליבע צום באַשאַפענעם יש, צום שטייפען, קרישטאָלענעם לעבען וואָס ער האָט באַשאַפען און אַרויסגע׳חלומ׳ט פון זיין באַהעפטען זיך מיט׳ן מקור.

ג.

ביאַליק איז אַ קלאַסיקער. דאָס פאַרבייגעהענדע און דאָס צייטמעסיגע טיילען זיך אַליין אָפּ פון דעם עיקר. דאָס נעבעל־האַפטע און בין־השמשות׳דיגע ווערט גלייך פאַררוקט און פאַר־טונקעלט פאַר דער שיין וואָס גייט אויף. די ערשטע לידער זיינע, וועלכע האָבען מעהר אַ געזעלשאַפטליכען ווערט, זיינען ביי אים אָבגעזונדערט, פאַררוקט אין אַ ווינקעל (פילע פון זיי האָט ער ניט אַריינגענומען אַפילו אין זיין בוך). און אַפילו די לידער „על ספף בית המדרש”, „אם יש את נפשך לדעת” און נאָך אַזעלכע, אין וועלכע ער באַזינגט דעם אַלטען בית המדרש, און שטעלט אים אַוועק אויף דער הויך פון אַ פאָלקס־קוואַל, פון וועלכען מיר שעפּען טרייסט און כוח אין די לאַנגע יאָרען פונ׳ם גלות—אַפילו די שירים, פון וועלכע פיל רעדען מיט אַזוי

פיל דאנקבארקייט און התלהבות—ניט זיי האָבען געגעבען דעם גאַנצען אויסדרוק פון ביאַליק'ס וועזען.

יענע לידער — פון בית המדרש און וועגען ציון — זיינען די לעצטע שאָטענס פון דער נאַכט, די ערשטע שליחים פון פרי־מאָרגען. די ערשטע טריט פון חיים נחמנ'ען זיינען געווען גע־וויקעלט אין שאָטענס. אָט אַזוי ווי דער „מתמיד" — דער פּראָטאָטיפּ פון ביאַליק'ן און די עמבריאָ פון זיין שאַפען — גייט ער אין דעם גרויען פאַרטאָג צו זיין מזבח, ער גייט זיך מקריב זיין אויפ'ן מזבח פון בית המדרש, און ווינטלאַך גלאַטע גלעטען אים, פאַר'שכור'ן אים און רופען אים. זיי ווילען אים כאַפּען. ער גיט זיך איבער אָפּט אין זייער רשות, ער ווערט דער זינגער פון די שאָטענס. פון זיינע יוגענד־חברים, די וואָס זיינען געווען מיט אים אין זייןווירקליכער יוגענד — דער אָרימער.

אָבער גיך האָט ער אַלעם גובר געווען. מיט אַ ביאַליק־שוואונג האָט ער אַן אַנדער קינדהייט אַנטפּלעקט, אַן אַנדער וועלט געפונען. ביאַליק'ס וועלט, וועלכע ער האָט געזוכט צו פאַרקערפּערען אין געשטאַלטען פון נאַטור, איז אַ שטאַרקע און אַ שטייפע. ניטאָ קיין סימן פון שוואַכער ווייכקייט, פון אומרעאַלער צייכנונג. דאָ איז סקולפּטור, פאַרענדיגטע פאָרם. דאָס טונקעלע ווערט אויסגעלייזט דורך געשטאַלטונג. דער נעבעל ווערט פאַרשוואונדען אין ים פון ליכט — ניט איין זון נאָר זיבען! — און יעדער שטראַל באַזונדער ווערט געכאַפּט פון פראָסט וואָס האָט זיך צובליהט אויפ'ן פענסטער.

זעה אַ וועלדעל! אויף די שויבען
וואַקסט עס פריש אין ווינטער־פּראַכט
אויפגעבליט ווי אַהרן'ס שטעקען
האָט דער פענסטער איבער נאַכט.

ווייל ס'איז דאָ אַ ווינטער אויף דער וועלט, אַ ווינטער וואָס לייזט אויס די אַלע בלאַנדזשענדע שטראַלען, די אַלע פונקען

פון דער זון — און שפּאַרט זיי איין אין שטייפקייט, און פאַר־וואַנדעלט זיי אין פּראָסט, און מאַכט פון זיי אַ שניי וואָס בלישטשעט מיט ד י זונען און סקריפּעט מיט געזאַנגען, וואָס קלאַפּען זיך אָהן לשון.

ס'האָט דער ווינטער-גלאַנץ דער פרישער
די נשמה מיר באַנייט
פּונקט עס וואָלט אַ ווייסער מלאך
זי פון שמערץ און זינד באַפרייט.
ס'האָט אַ גאָלדען מאָרגען-שד'ל
זונענשטראַל און זונענשטויב
אומגערן זיך דאָ פאַרפלאָנטערט
אינ'ם ווענדעל אויף דער שויב.

אין דער דאָזיגער ווייסער, קלאָרער שנייאיגער וועלט ווערען כחות אויסגעשמידט, ווערט דער ווילען שטאַרקער, שטייפער. דער קערפּער ווערט דער פּאָקוס צענטער פון אַלע כחות. פון אַלע שיינען אין דער וועלט. יעדער אָבער באַקומט זיין גרויסע שליחות, זיין שאַפענדע מיסיע — דער מענש פאַרמעסט זיך מיט כחות, מיט די הערשער פון נאַטור.

ווידער איז מיין אָרעם אייזען,
גיט אַ באַרג מיר — אויסצורייסען,
גיט אַ לייב מיר — אים צורייסען.
עוג צו גלית — כ'וועל צוטרעטען.

יונגע, פאַרבאָרגענע כחות צעשפּילען זיך; ס'טריאומפירט די שטאַרקע גלוסט.

אוי, צעשפּיל זיך, פּראָסט מיט וואוט
סמאַליע, שטעך און ברען און גלוט.
גיס דיין שטאָל אין האַרץ ביי מיר.
און באַשמיר מיין ברוסט מיט אייזען.
טאָמער וועט זי זיך צערייסען
פון פיל גבורה און פיל וואוט.
חוליע, פּראָסט, און ברען און גלוט!

דאָס איז מאַטעריעלע גבורה כמעט. דאָ ליגט אַ וועלט מיט גשמיות'דיגען פּיהלען. דאָס איז דאָ דער רוסישער פּראָסט מיט

זיין גאַנצער קראַפט. אַלעס גליהט אין הייסען פראָסט.

איז דאָס באמת געשעהן מיט'ן בלאַסען ישיבה בחור? מיט'ן נעכטיגען מתמיד, מיט'ן היינטיגען משכיל?

„יאָ, איך בין אַ ישיבה בחור. מיין געזיכט ווי קרייד איז ווייס. נאָר אין זיך פאַרבאָרג איך אונטער אַ דיקען פאַנצער אייז. ס'איז אַ נס, ס'איז אַ נס!"

הפקר הפקר! אַלץ איז הפקר!
הוי, דו קוטשער! טראָג געשווינד!
וואַרף אַריין מיך אין דעם ווינטער
און צעבלאָז מיך אויף דעם ווינט.

גרויסע בחות שפּאַרען, רייסען זיך אַרום — און האָבען אין ליכטיגקייט און קרעפטיגקייט זייער אויסלייזונג געפונען.

און מיין אייז — עס שמעקט אין פריהלינג
וואָס איז פול מיט פּראַכט און לוסט.
אַזאַ בייעם פרישען פריהלינג
האָט קיין מענש נאָך ניט געוואוסט.
קיינער ניט געוואוסט.

ד.

אָבגעזונדערט אין זייער גרויסקייט און באַגאַסענע מיט אַ באַזונדער איינגעהאַלטענעם שיין שטייען אין ביאַליק'ס בוך די צוויי פּאָעמען: „מגילת האש" — די פייער־מגילה און „מתי מדבר" — די מתים פון מדבר. „מגילת האש", וועלכע איז באַטיטעלט אַלס אַ חורבן־לעגענדע, איז די טונקעלסטע זאַך זיינע, וועלכע האָט אַרויסגערופען ניט ווייניג פּירושים.

ס'פיהלט זיך אין איר אַ גרויס וואָרט, וואָס זוכט אַ פאָרם זיך אַרויסצוזאָגען; עפּעס קייקעלט זיך אין די פאַרבאָרגענע ווינקלען וואָס זוכט אַ וועג פאַר דער אַנטפּלעקונג — נאָר איבער אַלעס שוועבט דער גייסט פון איינגעהאַלטענקייט, פון ניט דער־זאָגטקייט; דאָס איז אַ וואונדערבאַרער בנין לויט דער שפּראַך און טעכנישער קאָנסטרוקציע. נאָר דאָס איז אויך אַ טורמע פאַר אַ גרויסען באַגעהר וואָס האָט געזאָלט אַרויס פריי.

„מגילת האש” איז דער צענטער אין וועלכען ס'קניפּען זיך צונויף באַזונדערע פעדים פון ביאַליק'ס שאַפען: דאָ איז דאָ די גרויסע איינזאַמקייט, דאָס ליד פון צער און צאָרן, דאָס ליד פון גלויבען, דאָס ליד פון ריינעם און אומשולדיגען גלויבען — און איבער אַלעמען די ניט־באַפרידיגטע ליבע. מיט דעם עראָ־טישען עלעמענט איז אויסגעפלאַסטערט דער גאַנצער גרונד פון דער פּאָעמע. די גליהענדע פאַרלאַנגען פון יוגענד און ליבע, וואָס האָבען זייער תיקון ניט געפונען, פלאַטערען ווי געפאַנגענע טויבען צווישען די ווענט פון דעם דאָזיגען פאַרשלאָסענעם פּאַלאַץ. די צוויי הונדערט בחורים און די צוויי הונדערט מיידלאַך, וואָס דער שונא האָט פאַרטריבען פון ירושלים, זיינען פאַרוואָרפען געוואָרען אויף אַן איינזאַמען אינזעל, נאַקעטע, הונגעריגע און דורשטיגע זיינען זיי, די לעצטע שטאָלץ פון יהודה, צוטיילט געוואָרען: לאָזען זיי בלאָנזשען אַליין, ניט קענען קו־מען צו באַהעפטונג, ס'זאָל קיין צווייטער דור ניט אויפשטיין מעהר. אויף דעם דריטען טאָג האָבען די בחורים דערזעהן אַ גרויסען טייך, שוואַרץ ווי סמאָלע, און האָבען אויסגעשריען: וואַסער! און האָבען פון דעם געטרונקען, און אַ ווילדען גראָז — אַ געזאַלצענעם (מלוח) האָבען זיי דערזעהן און פון אים געגעסען — און זיי האָבען גאָרניט געוואוסט, אַז גע־טרונקען האָבען זיי פונ'ם טייך אבדון, און אַז זייער מאכל איז געווען דעם שונא'ס שורש. איינער פון זיי, אַ יונגער און אַ פאַר'חלומ'טער, מיט בלויע אויגען — ער האָט ניט געגעסען. ער האָט ניט געטרונקען פונ'ם פרעמדען סם. ער איז געבליבען ביי זיין אומשולד — פון גלות ניט פאַרזוכט. ער האָט געהאַט בלויע אויגען, און דאָס ליד פון האָפנונג און פאַרגעבונג האָט געזונגען פון אים. געווען איז אָבער אַ צווייטער, אַ מאַן פון צאָרענדיגען אויסזעהן און פון שרעק. ער האָט אַנאַנדער ליד געזונגען — דאָס ליד פון חורבן און שנאה. שנאה און — נקמה. אין זיין ליד האָט ער אַרויסגערופען דעם פינסטערען

גייסט פון אבדון; נעמט די לידער פון חורבן, שווארץ ווי האַלעוועשקעס פון אייער האַרץ און זייעט, פאַרשפּרייט זי איבער דער וועלט, שאַרט די קויהלען אירע אויף די פון גאָט פאַרשאָלטענע קעפּ. אַז אייער שאָטען וועט דורכלויפן איבער אַ ליליע פון זייער גאָרטען — שוואַרץ וועט זי ווערען און שטאַרבען. אונטער דעם קוק פון אייער אויג וועט דער מאַרמאָר פון זייערע געטער און געצקעס צובראָכען ווערען ווי אַ שאַרבען. און נעמט מיט זיך אַ געלעכטער, אַ שפּאָט אַזאַ, אומדערבאַרעמדיג און ביטער, אַז איר זאָלט מיט אים טויטען . . .

אַזוי זאָגט דער צאָרנדיגער „איש הפּלאי”, דער פינסטערער אומבאַקאַנטער, וועגען דעם אונטערגאַנג פון לעצטען שטאָלצען שבט. מעהר ניטאָ קיין גלויבען, מעהר ניטאָ קיין אַרבייט. געבליבען איז נאָר איינס: זיין כדי פאַר׳סמ׳ן, לעבען כדי פאַרניכטען. ווייל דער חורבן פון פאָלק איז דער חורבן פון יחיד — זאָל־זשע דער דאָזיגער חורבן ווערען אַ חורבן פאַר אַלע, פאַר יעדען באַזונדערן איינוואוינער פון אונזער זינדיגער ערד. און דאָ דערזעהן זיי ווי פון יענער זייט טייך, איבער׳ן שפּיץ פון די בערג, שוועבען און געהען צום אָפּגרונד זייערע שוועסטער — די מיידלאַך. ציהט זיך אַ ווייסע שורה פון יונגע, צאַרטע מיידלאַך. זייערע הענט פאַרשפּרייט צום הימעל, פאַרוויקעלט אין שטראַלען פון דער לבנה און זייערע אויגען זיינען פאַרמאַכט ווי ביי לבנה־קראַנקע; דאָרן־קראַנצען צו זייערע קעפּ — און זיי שוועבען גלייך צום אָבגרונד. די בחורים שרייען. זאָלען זיי הערען, געראַטעוועט ווערען פון תהום. ניט זיי הערען, ניט זיי זעהען. אַ מינוט — און אַ לאַנגער שנור פון אויגען עפענען זיך — און פליהען אַריין ווי פויגלען אין שוואַרצען וואַסער. מיט אַ ווילדען געשריי וואַרפען זיך זייערע ברידער נאָך זיי אין וואַסער אַריין. ראַנגלען זיך מיט אבדון און זיינע כוואַליעס, שווימען און שניידען דאָס וואַסער — רעטען די לעצטע טעכטער פון יהודה. דעם לעצטען חלום פון זייער לעבען — נאָר

אויך דאָ שטעלט זיך צווישען זיי אַ וואַסער־וואַנט און צו־שיידט זיי.

באַגעגענט האָבען זיי זיך שוין נאָך אַלעמען — אויף דעם אָבגרונד פון'ם ים. דער אבדון האָט געזיגט. ער האָט זיינס גענומען. איצט איז געוואָרען שטיל. מעהר קיין רויש ניטאָ.

געבליבען איז נאָר איינער — דער יונגער אומבאַקאַנטער, דער מיט די בלויע אויגען און מיט דער ליד פון האָפנונג.

און אין זיין ווידוי צו דער מיידעלשער געשטאַלט, וואָס האָט זיך באַוויזען צו אים פון דער הויך, ליגט די נשמה פון דער דאָזיגער מגילה. דאָס איז די ווידוי פון ליבע פארשטיקטער און פאַרלאַנגען דערדריקטע. דורך דער הימליש־מיידעלשער געשטאַלט זינגט ער צו אונז פון זיין אייגענעם חורבן, פון דער יוגענד דער פאַרשעמטער, פון דעם וואָס האָט געדאַרפט קומען און איז ניט געקומען. אויך דאָ, ווי אין אַנדערע לידער, דערהויבט ער די פרוי צו דער הויכקייט פון סימבאָל און עטוואָס העכערעס און געטליכעס שיינט איבער דעם ערדישען און פרויליכען וואָס מיר זעהן.

זיין ליבע איז בענקשאַפט און תפילה. און זיין פרוי איז אַן אָפשפיגלונג פון דער שכינה.

אין זיין דיכטונג באַהעפט זיך רעליגיע און ליבע, ווי צוויי לייבליכע שוועסטער.

אָט אַזוי זינגט ער אין זיין ליד „איך?” (וואו ביזטו?):

וואו ביזטו? —
אַז דו ביזט נאָך געווען אַ ווייטע, אומבאַקאַנטע—
שוין פלעגען רופען דיך די ליפען די צוברענטע — — — —
און אויף דער ברייטער גמרא גאַנצע טעג פאַרטרוימט
אין וואָלקענדעל מיט גאָלד באַזוימט
אין לויטערסטען געבעט, אין מיינע ריינסטע פריידען
און אין די הייליגסטע פון מיינע לײדען —
האָב איך נאָך איינם געגאַרט, נאָר איינם פאַרלאַנגט האָב איך:
נאָר דיך, נאָר דיך, נאָר דיך.

ער האָט גע׳חלומ׳ט פון איר איבער זיין גמרא, אין וועל־
כער זיין נשמה האָט געפלאַטערט און פלאַטערט נאָך ביז איצט.
ער האָט געגאַרט נאָך איר „אין לויטערסטען געבעט און אין
מיינע ריינסטע פריידען״. ריין. דאָס איז דאָס שטאַרקסטע אין
דער פרוי. הייליג. דאָס איז דער באַגריף פאַר איר:

ביזט צו ריין צו זיין מיין פריינדין, ביזט צו הייליג מיט
מיר זיצען — זיי-זשע מיר מיין גאָט, מיין מלאך, צו דיר
וויל איך בעטען, דינען.

און די ריינקייט און די הייליגקייט איז מעהר ניט ווי אַן אָפּ־
שפּיגלונג פון אַלע אַנדערע לעבענס-פאָרמען און הארץ־באַגעה־
רען. די פרוי איז מעהר ניט ווי אַ פאַרקערפערונג פון דער
ליכטיגקייט און זוניגקייט און גלוסטיגקייט וואָס פילען אָן די
וועלט. דערפאַר אַז מ׳דאַרף זי אַמאָל פאַרלאָזען — פאַלט ניט
דער הימעל צו דער ערד. אַזוי איז דאָס לעבען. כדי איינגאַנ־
צען באַגרייפען און באַהעפטען זיך מיט דעם ריינסטען — דאַרף
מען דוקא זיך אָפּטיילען פון גוף, פון קערפּערליכער פאָרם —
און טוליען זיך צו גייסט, טוליען זיך צו קדושה.

ניין, מיין ריינע, כ׳האָב געליבט דיך און איך ליב דיך אויף
אַן אמת. ווען אַפילו כ׳האָב פאַרלאָזט דיך, האָב איך עס
געטאָן אויס ליבשאַפט.

בעסער זאָל בלייבען איר געשטאַלט הייליג און ריין, און אין
אים זאָל זיך אָפּשפּיגלען דאָס ריינקייט פון דער וועלט.

זיי אַן אָנדענק מיר פון קדושה
שיין מיר אין די זונען-שטראַהלען
ווינק צו מיר פון מיין הארצ׳ס דופק
ציטער אין מיין טרער׳ס אַ טראָפּען . . .

און אַז ער ווערט אַמאָל געשטרויכעלט און ווערט פאַר׳שכור׳ט
פון אירע הונגעריגע אויגען, פון אירע דורשטיגע ליפּען און
טרינקט פון קוואַל פון קערפּערליכער גלוסטיגקייט — טוט אים
באַנג.

פאַר איין מינוט פון תענוג, פאַר איין מאָמענט פון גליק

האָט ער אָפּגעגעבען אַ וועלט אַ גאַנצע. „אָ, ווי גרויס איז דער פּרייז וואָס איך האָב באַצאָלט פאַר דיין ליִיב !״

בעסער איז שוין : געהסט אַוועק — געה געזונטערהייד. ער וועט אַליין ניט בלייבען. ס׳איז נאָך דאָ זעהר אַ סך : גרינע פריהלינגס, גאָלדענע סוף־זומערס און די ווייסקייט פון די ווינ־טערס, און אויף דעם אָלעמען וועט טאַקע שוועבען דיין גע־שטאַלט — ווי גאָט׳ס גנאָד — וואָס שעפּטשעט שטיל אַ ברכה אויף די שבת־ליכט.

און ער זאָגט איר אָן, דער וואָס געהט אַוועק, אַז זי זאָל רוהיג זיין. פאַרקוקען זיך אויף דער רוהיגקייט פון העכערע פון אונז, פון די וואָס לעבען לענגער פון אונז — הימעל און שטערן — און באַקומען זייער רוהיגקייט, זייער אייביגקייט.

ה.

ביאַליק האָט ניט אומזיסט געקראָגען די ברכה און די ליבע פון פאָלק. ער איז טיף־אידיש אין זיין וועלט־באַנעם און אין זיין דיכטונג. ער איז פאַרוואָרצעלט אין אידישען גייסט פון פאַרשידענע דורות. ער האָט דעם טיפען ראַסען־געפיהל פון דעם אור־אַלטען העברעער, דעם חן פון פאָלקסטימליכקייט פון נעכטען און פון היינט און דעם כוח פון נאַציאָנאַלער ערוואַכונג פון היינט און פון מאָרגען. ער פאַראייניגט אַזוי אָרום די ווייטע פאַרגאַנגענהייט מיט דער נאָהענטער ; די נאָהענטע פאַרגאַנגענהייט מיט דער געגענוואַרט, און די געגענ־וואַרט מיט דער צוקונפט.

ער איז ווי אַ שטאַרקער בוים, איינגעגראָבען מיט אַלע זיינע וואָרצלען אין דער פעטער ערד פון אידישער געשיכטע, פון וועלכער ער זויגט און נעהרט זיך, און זיינע צווייגען זיינען אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט אונזערער, אַזוי אַז אַלע זאָלען קענען הנאה האָבען פון זייער דופט און זייער שאָטען, פון זייער פרוכט און זייער ברכה.

דערפאר פיהלען מיר אין זיינע זאכען אזא קערענדיגקייט און אזא קרעפטיגע רייפקייט. ווייל ביאליק איז דער פאעט פון כוח, פון טיפען און שארפען אויסדרוק. ביי אים איז דאס ווארט א טהאט, א „דבר" — אין נביא'ישען זין. און ניט איינמאל פארגלייכט ער עס צו א האק („כקרדום כבד יפול דברי" —ווי א שווערע האק וועט פאלען מיין ווארט; „קרדומי בא בעץ רקבון" — מיין האק איז אריין אין א פויל האלץ; „לא מצא תחתיו סדן פטישי" — מיין האמער האט ניט געפונען אונטער זיך קיין קאוואדלע; א. א. וו.). דאס איז א פרימיטיוו בילד, מיט וועלכען די נביאים פלעגען זיך אפט באנוצען כדי די זינ־דיגע זאלען ניט נאר הערען זייערע ווערטער, נאר אויך פיהלען זיי, דערפיהלען זיי פיזיש. און ניט נאר איינצעלנע בילדער אזעלכע האט ביאליק ליב צו באנוצען; ער אליין וויל, אז מיר זאלען אים זעהן אין געשטאלט פון א האלץ־העקער. און אויף מארגען נאך זיין פופציג־יאריגען יובילעאום, י"א טבת, תרפ"ג, ענטפערט ער אפ מיט א ליד צו די פייערער:

ולמה שתם על גוי ?
מה חטאתי, מה כחי ?
לא משורר, לא נביא—
חוטב-עצים אנכי.
חוטב-עצים, איש-קרדום.
עושה מלאכתי לתומי ;
ורד היום, וידי רפתה
וקהה שובת קרדומי.

ער בעט זיך ביי אונז: וואס ווילט איר פון מיר? וואס איז מיין זינד? וואס איז מיין כוח? ניט קיין משורר, ניט קיין נביא —א האלץ־העקער בין איך.

א האלץ־העקער — וואס טראגט מיט תמימות און גאטס־פארכטיגקייט זיין שטארקען כלי־זיין — די האק.

און מיט וואונדערליכער גבורה און מיט דעם ברען און

גלויבען פון אַן ערשטען, וואָס דאַרף אָנפאַנגען אַלעס פון דאָס ניי און מיט די אייגענע כחות, האָט ער אויסגעהאַקט אַ שפּראַך, האָט ער אויסגעקריצט אַ נייע דיכטונג, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין פאָלק'ס באַוואוסטזיין.

האָט ער תמיד געזוכט ניט דאָס לייכטע, נאָר דאָס שווערע; ניט דאָס אויבענאויפיגע, נאָר דאָס טיפע. ער האָט געקעמפּט מיט זיך און מיט דער סביבה. ער האָט געשטראָפט און גע'מוסר'ט זיין פאָלק, ווייל זיין שוואַכקייט האָט אים באַליידיגט; זיין נאָכגעביגקייט, זיין שרעקעדיגקייט, זיין גרייטקייט צו ליידען האָבען אים אויפגעטרייסעלט און ער האָט אין זיינע לידער „פון צער און צאָרן" אויסגעגאָסען אַ נייע תוכחה אויף אים. אין דעם, דענק איך, האָט ניט נאָר זיין נאַציאָנאַלער געפיהל גע־ווירקט, נאָר אויך זיין פערזענליכער באַגעהר און דורשט צו כוח, צו קאַמף, צו אויפשטאַנד. ער איז געקומען מיט אַ האַק און האָט געזוכט אויף וועמען זי אַראָפּצולאָזען; ער האָט גע־דאַרפט האָבען פאַר זיינע כחות, וואָס האָבען געברויזט אין אים, אַ שטער, אַן אָפּהאַלט, וואָס זאָל אים נאָך מעהר אויפברויזען און צורודערען.

און זיינע ווערטער האָבען אָפּגעהילכט ווי דונערען אויף אונזערע פאַרוואָלקענטע הימלען, און מיר האָבען דערפיהלט אין אים אַ נייע, אויסערגעוועהנליכע קראַפט, און מיר האָבען ליב באַקומען זיין צאָרן און זיין שטראָף, זיין גאַל און זיין שפּאָס, זיין וועהטאָג און זיין ליידען.

ער האָט ווי מיט ריטער געשמיסען אונזער לייב און מיר האָבען עס אָנגענומען מיט ליבע, ווייל מיר האָבען געזעהן די קראַפט וואָס טרייבט דעם נייעם דיכטער און מיר האָבען דער־פיהלט, אַז דאָס איז ניט פון שנאה, נאָר פון ליבע. און דעם גרעסטען נאָמען, וואָס מיר האָבען געהאַט באַהאַלטען אין אונזער אוצר, האָבען מיר אים געגעבען: נ ב י א.

אָבער ער האָט זיך ביי דעם ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט געגראָבען טיפער, ניט נאָר אין פאָלקס־נשמה, נאָר אין זיין אייגענער. ווייל ווירקען אויף יענעם קען מען נאָר מיט דעם כוח, וואָס פליסט אָהן אויפהער פון אינעווייניג. און אויב דאָס „נביא׳ישע״, דאָס הייסט, דאָס סאָציאל־פּאָעטישע, פאָדערט עמיצען, אויף וועמען מען זאָל דעם כוח פון ליד און שטראָף אויסגיסען, פאָדערט זיך אָבער נאָך מער דאָס ריין־דיכטערישע, וואָס זוכט ניט קיינעם, וואָס וויל ניט שטראָפען, נאָר וואָס וויל געפינען זיך אליין, דערזעהן דאָס אייגענע ליכט, דערפיהלען דעם אמת און דעם טעם פון דעם אייגענעם לעבען.

דעמאָלט געהט ביאליק אין דעם קדשי־קדשים פון זיין אייגענעם „איך״. ער געהט אויך צו דער „בריכה״, אין וועלכער ער זעהט אַן אַנדער וועלט, אָפּגעשפּיגעלט אין דעם ריינעם קריש־טאָל פון׳ם וואַסער. דאָרט, צווישען אייביגע בוימער, וואָס האָ־בען נאָך קיינמאָל קיין בת־קול פון אַ האַק ניט געהערט; דאָרט, וואו נאָר דער וואָלף און דער יעגער פלעגען זיך באווייזען — דאָרט פלעגט ער ארומבלאָנדזשען איינער אליין שעה׳ן גאַנצע און זיך מתייחד זיין מיט זיין הארצען און זיין גאָט.

אין „הברכה״ און אין „זוהר״ און אין אַנדערע נאַטור־לידער אַנטפּלעקט זיך ביאליק אין זיין אמת׳ער גרויסקייט, אלס דיכטער. דאָרט ווערט דאָס „וואָרט״ פארביטען אויף פאַרב, קלאַנג און געשטאַלט. ער, וואָס הערט דעם בת־קול פון אַ פאַר־באָרגענעם גאָט, קוקט זיך איין אין דער אָפּשפּיגלונג און דער־הערט, אז —

שפת-אלים חרישית יש, לשון-חשאים,
לא קול ולא הברה לה, אך גוני-גונים,
וקסמים לה ותמונות-הוד וצבא-חזיונות;
בלשון זו יתודע אל לבחירי-לבו
ובה יהרהר שר-העולם את הרהוריו
ויוצר אמן יגלום בה הגיג-לבבו

ומצא פתרון בה לחלום לא-הגוי;
הלא היא לשון המראות — — —

אין דער דאָזיגער שטילער שפּראַך, פון פיל־געשטאַלטיגקייט און כשופים און בילדער און זעהונגען, באַקענט זיך גאָט צו זיינע אויסדערוויילטע, און אין איר האָט ער זיך אויך צו ביאַליק׳ן אַנטפּלעקט, נאָכדעם ווי ער האָט באַוויזען אויך דאָס כשוף פון דעם וואָרט.

אין די דאָזיגע, ווי אין אַנדערע גרויסע פּאָעמען, וועלכע פאָדערען אַ גרויסען קינסטלער זיי איבערצוזעצען, האָט זיך ביאַליק׳ס שפּראַך באַוויזען אין איר גאַנצען כשוף. ער האָט די גאַנצע רייכקייט און שעהנקייט פון דער העבּרעאישער שפּראַך, פון וועלכער ער איז דער גרעסטער מייסטער, אַזוי וואונדערליך צוגעפּאַסט צו דער אויסגעלייטערטער און אָפּגעשפּיגעלטער וועלט, פּונקט ווי ער האָט פּאַר זיינע כוח־לידער צוגעפּאַסט די נביא׳ישע שפּראַך. און אויב אין יענע לידער ווירקען זיינע ווערטער מיט זייער שטאַרקייט און פעסטקייט, ווירקען זיי דאָ מיט זייער פּלאַסטישער שעהנקייט, מיט זייער דיכטערישער לויטערקייט און ריינקייט — ווי אַ תפילה.

ביי ביאַליק׳ן, ווי ביי יעדען גרויסען דיכטער, איז די שפּראַך ניט נאָר אַ מיטעל צו עפּעס אַנדערש, נאָר זי אַליין איז אַ צוועק, ווייל אין איר, און נאָר אין איר, ווערט געשאַפען דער אינהאַלט און דער ריטם; דורך אירע קליינע, באַזונדערע חלקים, דורך די ווערטער וואָס באַהעפטען זיך איינס צום אַנדערען, דורך דעם קלאַנג וואָס קומט אַרויס פון זייער צוזאַמענפּאָרען, דורך יעדען ריהר זייערען ווערט געשאַפען דאָס באַגעהרטע, ווערט געבוירען דאָס בילד, דער קערן פון דיכטונג. דערפאַר פיהלען מיר אין אַלע זיינע זאַכען אַזאַ גאַנצקייט צווישן אינהאַלט און פאָרם.

דאָס וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַר דער העבּרעאישער

שפּראַך איז מעהר ווי אַן אויפטו פאַר אַ שפּראַך, אפילו אַ הייליגע, אַפילו אַ נאַציאָנאַלע. ער האָט זיך דערגרונטעוועט צום מקור, צו די טיפסטע טיפען פון אונזער אויסדרוק. פאַר אים האָבען זיך געעפענט, מיט פאַרבלענדענדער ליכט, פאַרבאָרגענע אוצרות פון שפּראַך, וואָס אויף איר האָט זיך אַנטפּלעקט דער אידישער כאַראַקטער, וואָס דורך איר האָט דאָס אידישע פאָלק געגעבען אַ תורה צו דער וועלט, וואָס אין איר קורצקייט און איר שאַרפקייט זיינען אויסגעקריצט געוואָרען די עשרת הדברות און געשאַפען געוואָרען אַ מאָראַל פאַר דעם מענשען, וואָס מיט איר פייער האָבען געטליכע נביאים געצונדען הערצער פון פעלקער און מענשען, געלערנט זיי גערעכטיגקייט און רחמנות, ברידערליכקייט און גלייכהייט.

און די שפּראַך, וועלכע האָט פאַר אים אַ רייכע וועלט ענטדעקט, איז אויך געוואָרען אַ גרויסער כלי־זין, וואָס האָט זיינע אייגענע כחות דערוועקט און ענטפּלעקט פאַר דער וועלט.

# שאול טשערניכאָווסקי

א.

„האם קדמתי בוא, או אחר צור בראני?" (צי בין איך פרי געקומען, צי האָט מיך גאָט באַשאַפען שפּעט?) — אַזוי פרעגט טשערניכאָווסקי אויף זיך אַליין. ער, איינער פון די קערענדיגסטע פּאָעטען און איינער פון די שעפער פון דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור; ער, דער פּאָעט פון זון און קראַפט און שעהנקייט — שטעהט נאָך עד היום ווי אַ פאַרוואונדערטער און פרעמדער ביי אונזער גרענעץ און ער ווייסט ניט צי האָט ער שוין דערגרייכט דעם גרעניץ, צי איז ער אים שוין אַריבער („הבאתי עד הגבול או אם עברתיו כבר")? ווייל אַזוי איז ער אויפגענומען געוואָרען ביי זיין ערשיינען מיט אַריבער דריי־סיג יאָר צוריק — פרעמד און ניי, ווי פון אַן אַנדער וועלט געקומען. און אַליין, מיט זיין אייגענטימליכען וועג, האָט ער זיך זיין באַזונדער און בכבוד'יג אָרט ערוואָרבען אין אונזער ליטעראַטור. דאָס נייקייט איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער איז ניט פון בית־מדרש געקומען — נאָר פונ'ם דאָרף, פון קרימער פעלדער און אוקראַאינער סטעפּעס, ניט פון חדר און ישיבה נאָר פון גימנאַזיע און קאָמערץ־שול אין אדעס. ער איז ניט קיין באַפרייטער, נאָר אַ פרייער פון אַלטע טראַדיציעס אַרויס־געקומען. ער איז ניט דורכגעגאַנגען דעם גוט־באַקאַנטען וועג פונ'ם אידישען אינטעליגענט — פריהער אַ ישיבה־בחור, נאָכדעם דער

אויפקלערונגס־פיבער, די השכלה־כוואליעס און דער פארלאנג צו נאציאנאל־אינדיווידועלער ערוואכונג. ער איז צו געזונט, נארמאל און „לייכטזיניג" געווען פאר יענער צייט פון ערנסט, זוכעניש און איבערשאצונג פון ווערטען. כמעט אין איין צייט מיט ביאליק'ן זיך באוויזען — און וואס פאר א מהלך צווישעןביידענ'ס וועלט אויפנעמען און אויפפאסען! צוויי באזונדערע וועלטען!

ביאליק איז געווען צוזאמענגעוואקסען מיט זיין דור. ער האט זיין וועהטאג געפיהלט אזוי פערזענליך ווי נאציאנאל: ער איז, אן ארומגעוויקעלטער פון בית־מדרש שאטענס, אן ארויס־געטריבענער פונ'ם גרויסען אומרוה, ארויס אויף דער ליכטיגער וועלט מיט א טיפער בענקשאפט נאך ליכט, נאך לעבען און ערלייזונג. דערפאר האבען זיינע ווערטער געפונען אזא אפ־קלאנג אין די הערצער. אין ביאליק'ן האט דער דור דערפיהלט זיין פאעט — און מיט זיין שטארקען כח איז ער געווארען דער הערשער.

טשערניכאווסקי איז געקומען אט אזוי ווי ער שטעהט און געהט. מיט זיך אליין. מיט די עלעמענטארע כחות, וועלכע די נאטור האט אין אים באהאלטען. איצט זעהן אוים זיינע ערשטע לידער אזוי פשוט און קלאר, שוין צופיל קלאר און פארשטענד־ליך. אבער דאן זיינען זיי געווען פרעמד און ניט „צייטמעסיג". טשערניכאווסקי האט זיך אריענטירט בלויז אויף זיך. ער האט געזוכט זיך אין דער וועלט און האט געטראגען די וועלט אין זיך. לאנגזאם, פעסט און מיט א ליכטיגען בליק אויף דער וועלט האט ער אנגעהויבען שאפען. ער האט געזוכט און געפונען דאס קלארקייט. ער האט גובר געווען אלע יצר הרע'ם וואס האבען זיך צו אים באוויזען אויף אראפפירען פונ'ם וועג — נאר איין יצר הרע (און אפשר איז דאס גאר דער יצר־טוב?) האט ער געפאלגט — דעם פון זיין אייגען לעבען.

ער איז דער פאעט פון כח. ער האט קראפט און ליבט

קראַפט. ער גיט זיך קיינמאָל ניט אונטער קיין שאָטען־געפיהלען, קיין יאָ־און־ניין מאָטיוען. ער האָט ליב צו הערשען און באהער־שען. ער איז דער איינגעהאַלטענסטער און איינגעשלאָסענסטער פּאָעט. ער האָט הנאה און שאַפט הנאה נאָר נאָכ'ן אינערליכען קאַמף איבער דעם כאַאָס. זיין שפּראַך איז אַ קאַרגע און גע־שניצטע. די זאַצען — געפּרעסטע, שטייפע. ווייל ער וויל אין יעדער ערשיינונג געפינען דעם תמצית, דעם עיקר. ער זוכט דאָס שטאַנדהאַפטיגע. ער איז מענליך און לאָזט זיך ניט באַ־הערשען פון נעבעלדיגע געפיהלען. ער איז דורך און דורך פּלאַ־סטיש — און שאַפט פעסט, קלאָר און געזונט. אויסערליך קאַלט — אָבער נאָר אויסערליך. ער האָט מורא צולאָזען זיינע כחות, ארויסלאָזען זיין פייער. ער וויל אַלעם קאָנצענטרירען, קריסטאַ־ליזירען. און ער איז זיך מודה:

מלפנים קרות מלי
ובקרבי אש אדירים
וצנומים נדמו ניבים
ובלבי שיר השירים.

(און אַמאָל זיינען מיינע ווערטער קאַלט — און אין מיר איז אַ העליש פייער. די אויסדרוקען ווייזען אויס בלאָס בעת אין מיין הארצען איז שיר השירים).

אין דעם ווידוי איז דאָ אי וועהטאָג, אי תענוג — זיין כח שעפּט ער פון דער נאַטור, מיט וועלכער ער איז אַזוי שטאַרק צו־גויפגעבונדען. ניט נאָר פון קינדהייט אָן, נאָר פון די אוראַלטע צייטען. זיין צובונד הויבט זיך ניט אָן דוקא פון איצט. ער איז אַ קדמון. אין אים רינט אוראַלט בלוט, דאָס בלוט פון כנען. ניטאָ קיין עבר, ניטאָ קיין הווה, ניטאָ קיין נעכטען, ניטאָ קיין היינט — אין דעם אָנגעזיכט פון דער גרויסער סטיכיע ווערען גרעניצען אָפּגעווישט. איין צייט, איין מענש, איין גאָט, איין גרויסער קאָסמאָס. אים דערצעהלט דער קוואַל און אים דער־

צעהלט די בוואליע, און כאָטש ער ווייס ניט וואָס — פיהלט ער אָבער זייער מורמלען, ער פיהלט אין זיי זיין איך, זיך. און ער פיהלט די שפּראַך פון וואלד. אין זייער ציטער האָט ער דערקענט זיינע קליינע ברידער וואָס ער האָט פאַרלאָזען אמאָל, אמאָל, ווען גאָט האָט צושיידט די סטיכיעס אויף דער וועלט.

ער האָט אַ טיף און קרעפטיג ליד: „נאַקטורנא", אין וועל־כער ער אַנטפּלעקט די וועלט מיט אַ מיסטישער קראַפט און זעהונג. אויך דאָ באַווייזט זיך דער „לילה קדמון". די אוראַלטע נאַכט האָט זיך פאַרטשעפּעט ביי די צווייגען פון די ביימער אינ'ם טיפען וואַלד. די ברידער־סטיכיעס האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען — און ער איז איינער פון זיי. דאָ האָט זיך דער כאַאָס צוברעקעלט אויף שטיקלאַך. די אייביגקייט האָט די טויערען פאַרמאַכט — און לאָזט ניט אַריין. וואו טוט מען אַהין דעם כח? און כח איז דאָ, כח וואָס זידט, כח וואָס וויל שאַפען. און פון די אַלטע ברעקלאַך פון תוהו ובוהו שאַפט ער אַ לעבען, שאַפט ער אַ טיפען גלויבען אין דער וועלט. דער מענש איז ניט עלענד, ניט אַליין. ער איז אַ טייל פון קאָסמאָס. און אַז דער שטורם פון לעבען וועט אַנשוויגען ווערען, און אַז די פאָרם פון אונזער מענשליך זיין וועט אויפהערען — איז דען אַ סוף? איז דען אַלעס געענדיגט? נאָר די פאָרם ענדערט זיך. אָבער דאָס לעבען בלייבט, די זון און קראַפט וועלען בלייבען. וועט אויך ער זיין איין פאָדים אין גרויסען געוועב פון די וועלט־כחות וואָס וועבען בסדר און וועבען אָהן אויפהער די רעטעניש פון לעבען, וואָס וועט קיינמאָל קיין פּתרון ניט געפינען.

צוליב דער דאָזיגער אויפפאַסונג פון דער נאַטור איז ער געקרוינט געוואָרען מיט'ן נאָמען „גריך". מ'האָט אין אים געזעהן דעם פּאָעט פון גריכישער שעהנהייט. דאָס וואָס אים באַאומרוהיגען ניט קיין פאָרמעל־מאָראַלע פראַגען, דאָס וואָס ער איז אין זיינע שאַפונגס־וועגען אויסען דאָס שעהנע — האָט אים אין אַ באַזונדער ליכט אַוועקגעשטעלט. ס'איז, פאַרשטעהט

זיך, אַ פּיין ביסעלע גוזמא אין דער דאָזיגער אָפּשאַצונג, אַזוי ווי ס'איז ניט אינגאַנצען ריכטיג געווען בערדיטשעווסקי'ן רופען „ניטשעאַנער" און צו ברענער'ן צולייגען דעם שטעמפּעל „דאָ־סטאָיעווסטשינע". דאָס זיינען אַלץ ניט קיין טרעפענדע באַגרי־פען וואָס קומען פון דרויסען.

טשערניכאָווסקי האָט מעהר פון אַלע געריימט מיט זיין פיינקייט, קולטור, יום־טוב'דיגקייט און דער געטאָ־באַגריף האָט זיך דערשראָקען און געמורמעלט: גריכיש!

אָבער, „גריכיש" צי ניט, ער איז וועלטליך, פריי און אייראָפּעאיש. ער איז אַ פּאָעט פון גרויסער עלעמענטאַרער קראַפט — אָבער אויך פון דיסציפּלין און קולטור. ער וועט זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזען אויף דעם וואָס „גאָט האָט געגעבען". ער זוכט די הילף פון מענשליכע דערגרייכונגען. ער איז טיף אינטואיטיוו, אָבער לייטערט דורך זיין זעהונג דורך דער זיפּ פון שכל און פאַרנונפט. ער האָט דעם אומרו, נאָר ער האָט מוט און זעלבסטבאַהערשונג אים דורכצופירען דורך דעם ליכ־טיגען וועג פון רו און באַריהוהיגונג. דערפאַר איז ער פאַר איינע — אַ גריך, אַ קינסטלער פון פאָרם און שעהנקייט. פאַר אַנדערע — אַ קאַלטער סקולפּטאָר־פּאָעט, וואָס וויל קריסטאַליזי־רען און אויסדריקען בולט דאָס וואָס „לאָזט זיך ניט כאַפּען". און פאַר אַנדערע ווידער איז ער אַ „געצענדינער".

ב.

טשערניכאָווסקי דער „לייכטזיניגער", דער שפּילעוודיגער, האָט ווייניגער לייכטזין אין שפּיל לשם שפּיל, ווי אַנדערע לייכטע פּאָעטען. ער איז אַן ערנסטער, אַ פּאָעט מיט תכלית, מיט עסטעטישע מצוות. אַזוי ווי די דאָגמאַטיקער מאָראַליסטען טראָגען אויף זיך דעם יאָך פון מעשים טובים, אַזוי טראָגט ער דעם יאָך פון שעהנקייט אויף אונזער וועלט.

קום ועלה, אמץ וחשוק
משפט חיים הוא וחוק.

ס'איז א געזעץ — דאָס גלוסטעניש און דאָס שטייגען. דאָס שטרעבען צו כח און שעהנקייט איז דער געבאָט און געזעץ פון לעבען. און טאַקע אין אונזער לעבען, וואו „תורה איז די בעסטע סחורה" אפילו פאַר א קינד אין וויג — באַקומט די דאָזיגע „געצעענדיינעריי" א באַזונדערע ווערט. אויב ביאַליק האָט צוגעגרייט דעם לעזער פאַר זיינע זון־און־ליבע לידער דורך זיין נביאות און „צער־און־צאָרן" — האָט טשערניכאָווסקי דאָס אויס־געמידען. ער האָט בלויז געטאָן זיין ארבייט. ער האָט געשאַפען קעגען אונזער לעבען, פאַר דעם ברייטען פרייען לעבען. ער האָט געגעבען ליבע־לידער איינפאַכע, נאַטירליכע און אינגעל־מיידעלשע. אָט אזוי ווי ביי „גויים". סטודענטען־ליבע, גנבה'ש־כשר'ע קושען, מאָרגען־צוזאָגען און אָוונט־אָפּזאָגען, שפּיל פון ליכט און שאָטען. עדות און שותפים זיינען די אייביגע נאמנים: בלו־מען, שטערען, טייך און וועלדעל. נישט ניי, אָבער נישט אַלט. (שחוק אור וצללים בשדרות ותלונות המעין בקול טמיר ונשיקות שפתים בוערות). און ער, דער גוטמוטיגער סטודענט און לעבע־יונג, קען זיך אויך אָנשיכור'ען, ניט אזוי פון וויין, ווי פון יוגענד און ליבע, און ער נעמט די שיינע פון דילסבערג (הנאוה מדילסברג) צום טאַנצען. און זיין ליבע האָט ער דוקא ליב אַוועקגעבען די גוי'אישע טעכטער, ווייל פאַר אידישע האָט ער מורא. אפשר זיינען זיי צופיל קלוג און צופיל אידישליך און ווייניג קינדיש און ווייניג ערדיש. ער שטרייכט אונטער מיט אזוי פיל חשיבות און ערנסט: איך וועל דיר זינגען מיין ליד, וואָס איז פרעמד צו דיר, „ווייל פרעמד זיינען דאָס ליד און דער זינגער". טעכטער פון גויים פאַרשטעהען בעסער, כאָטש זיי פאַרשטעהען ניט זיין שפּראַך.

אָבער ניט אין די ליבע־לידער ליגט זיין כח. ביי אים איז די ליבע ניט קיין מאַן־און־ווייב ליבע, נאָר מענש־און־וועלט־

ליבע. „אז אתך חי אני מלוא תבל יה רבתי”. ער לעבט מיט דער וועלט און מיט דער ליבע פון אַלעם צו אַלעם. זיינע וואונדען טריפען בלוט מיט׳ן בלוט פון יעדען דור. דעם הונגער־ריגען וויל ער אַנזעטיגען, דעם דורשטיגען שטילען זיין דורשט. און ניט נאָר מיט ברויט־און־וואסער—נאָר אויך מיט גייסט, מיט וויסען און ליבע וועט ער אים באַשענקען. ער וועט די סודות פון דעם לעבען אַנטפּלעקען פאַר אים, ער וועט אים אַלעם געבען, אַלעם וואָס ער פאַרמאָגט. ער וויל געבען, ווייל ער גלויבט. ער ווייסט, אַז מ׳וועט לאַכען פון אים, ווייל ס׳זיינען דאָ ניכטערע מענשען, וואָס ווייסען שוין אַלעם, און ווייסען אַז אַלעם איז גאָר ניט. זאָגט ער:

שחקי, שחקי על החלומות
זו אני החולם שח!
שחקי, כי באדם אאמין,
כי עודני מאמין בך.

ער, דער טרוימער, גלויבט אין מענשען, און אין זיין גייסט. ער גלויבט אין פריינדשאַפט, אין גליק און אין צוקונפט — און דער עלעמענטאַרער גלויבען איז פול מיט חן און כח.

פאַרשידענע לידער האָט דער מענש: לידער פון ליידען און לידער פון ליבע; לידער פון בענקשאַפט צו דעם וואָס ניטאָ. דאָס ליד פון׳ם פויער גיסט זיך פריי איבער גאָט׳ס וועלט, איבער די פעלדער — עס איז דאָס ליד פון מענשען׳ס פרייהייט. און אין די טעמפּלען הערט זיך אַן ערהאַבען געזאַנג, דאָס ליד פון געטרייען, וואָס גיסט זיין האַרץ אויס פאַר דער גרויסקייט. און עס גיסען זיך צונויף אין איין כוואַליע — ליפּען וואָס בעטען אַ רגע גליק און די וואָס פאַרשעלטען דעם ביטערען גורל—דאָס איז דאָס ליד פון דעם וואָס פאַרגעהט. נאָך פיל שעהנער איז דאָס ליד פון דעם שמיד, דאָס ליד פון גבורה אין פינסטערער פאַבריק. דער האַמער קלאַפּט אויס אַ שטאַרק און שרעקליך

ליד. דאָס ליד פון נקמה. עס שליפט זיך א שווערד — דאָס ליד פון דעם מענשען, וואָס געוועלטיגט אויף דער ערד.

דער מענש — ער איז דער האר און ער איז דער הערשער, ווייל אין אים געפינט די סטיכיע איר שכל'דיגען אויסדרוק. פאר איר עקזיסטירט א גרויסע, רייכע וועלט מיט לעבעדיגע וועזענס; ער פארשטעהט די שפראך פון חיות און פון פויגלען און פון בלומען און אויך פונ'ם קוואל. אלעם לעבט און אלעם זינגט א הארמאָניש געזאנג — און אין דעם אלעמען וואָס איז דאָ, וואָס איז ממש ווייל ער אנטפלעקען דעם זין און דאָס שעהנקייט פון לעבען. ער דערהויבט דעם מענשען כדי ער זאָל ניט דארפען זוכען העכער דאָס וואָס עס לאָזט זיך ניט געפינען. די וואָס ווענדען זיך אזוי אָפט צו גאָט און מאכען אים פאר'ן איינציגען הערשער איבער אונז — טוען עס פון שוואכקייט. זיי אונטערשעצען די כחות פונ'ם מענשען, דערנידעריגען אים כדי אויף דער הויך, צו וועלכע זיי קאָנען דערגרייכען, זאָלען זיי געפינען דעם אבסטראקטען, מאראלישען גאָט. אָט די תורה איז פרעמד טשערניכאָווסקי'ן. ער האָט א צו שארפען חוש פאר קאָנקרעטעס און פלאסטישעס ער זאָל זיך פארלאָזען אויף נעבעלדיגע באגריפען. און ביי אים איז דאָס אזוי נאטירליך, פארשטענדליך און אָהן קאָנפליקטען! „און אז איר וועט מיך פרעגען אויף מיין גאָט: וואו איז ער, אז מיר זאָלען אים דינען מיט געזאנג? — דאָ אויף דער ערד איז אויך ער. דער הימעל איז ניט פאר אים און די ערד האָט ער אָפּגעגעבען צום מענשען". ניט נאָר איז גאָט אראָפּ פון זיין הימלישער הויך, נאָר אויך די ערד, אויף וועלכער ער איז אראָפּ, האָט ער אָפּגע־געבען אונז מענשען. ער איז מיט אונז, ער איז אין אונז. מיר זיינען עס — ער. א שיינער בוים, א שיין פעלד, א הויכער בארג — אומעטום איז זיין געשטאלט. וואו נאָר א געפיהל פון לעבען, וואו נאָר פלייש און בלוט — אין דעם לעבע־דיגען, שפּראָצענדיגען, אין דעם דומם — אומעטום איז ער. ער

איז ניט קיין גאָט פון גייסטער, ער איז דער גאָט פון האַרץ. ער איז צונויפגעגאָסען מיט׳ן מענשען.

טשערניכאָווסקי רופט אַליין אָט די דאָזיגע לידער „מחזיונות נביא השקר״. דאָס איז דער אמת וואָס דער שטאַרקער אידישער כאַראַקטער האָט אין משך פון טויזענדער יאָרען דערדריקט מיט׳ן נאָמען „שקר״. ס׳הייסט ניט דוקא, אַז ער איז אַ „גריך״. אַלס אַזעלכער האָט ער אפשר קיין שייכות ניט צו אונז און קיין השפּעה ניט אויפ׳ן גאַנג פון אונזער לעבען. ער איז אַ איד, נאָר ניט פון די תנאי׳שע, ניט פון די רבנ׳ישע. ער איז פון אַן אַנדער צווייג — פון דער גבורה־צווייג, אַן אייניקעל פון די „בריונים״ און די „פריצים״. ער קאָן ניט פאַרטראָגען די גסיסה פון דרות. זיין נשמה לעבט און וויל לעבען און ציהען די חיונה פון דער ערד. ער אַנטלויפט צו אַפּאָלאָן פאַר אַ וויל. ער ווייסט, אַז ער איז אים פרעמד. אַן אייביגער קריג, אַ תהום ליגט צווישען זיי און דאָך איז ער געקומען. דאָס פאָלק איז געוואָרען אַלט און מיט אים איז אַלט געוואָרען זיין גאָט. נאָר ער קאָן ניט אַזוי. פון אונטער דער לאַסט פון דורות האָבען אויפגעוואַכט פאַרשטיקטע געפיהלען; און אַלע גלידער שרייען: לעבען! יעדער נערוו און יעדער אָדער שרייט: ליכט און לעבען! און ער בוקט זיך פאַר — דעם סימבאָל פון ליכט, פון גוטס און ערהאַבענס.

> אקוד אכרעה לטוב ולנעלה,
> לאשר הוא נישא במלוא כל העולם.
> לאשר הוא נאדר במלוא כל הבריאה,
> לאשר יש מרומם בסוד סודות היצירה.

ער איז ניט געקומען אַ ליכטזיניגער זיך באַפרייען פון עול פון „מעשים טובים״; ניט מער, ער וויל צוריקקריגען די פרייהייט, דעם שוואונג וואָס ס׳איז געווען אין אידענטום, נאָר וואָס איז שפּעטער פאַרקניפּט געוואָרען אין רצועות פון תפילין. ער

ווייל די אייגענע, אידישע יוגענד באפרייען פון די רצועות. אָבער דער תוך איז דערזעלבער — ער שטרעבט צום העכסטען און צום סודות׳דיגען אין לעבען.

ער נוצט א גוי׳אישע, גריכישע טערמינאָלאָגיע. אויף דער העברעאישער שפּראך זיינען אלע נעמען פון געטער און סטיכיעס — פרעמדע, „גוי׳אישע", ווייל דאָס אידענטום איז מאָנאָטעאיסטיש אין גייסט און אין פאָרם. „דער גאָט פון זון" — בל — דער באַגריף אַליין איז אַנטי־אידיש. עשתרות, אסטארטא, די געטין פון ליבע און פרוכפערונג — איז א געצענדינערישער באגריף. און דערפאר ווערט טשערניכאָווסקי אָנגערופען „גריך", „געצענדינער", אָבער דאָס איז נאָר אַן אויסדרוק־מיטעל, א שאַרפער אינטואיטיווער איינפאל פון א פּאָעט. דאָס גיט אים די מעגליכקייט מיט איין מאָל זיך אויסדריקען פלאַסטיש. ניטאָ קיין מליצות, ניטאָ קיין פאר׳חלום׳טע בענקשאַפט. אַלעס לעבעדיג נאָך פאָרם, נאָך געשטאַלטונג. דערמיט איז זיין פאַרדינסט אזוי גרויס און זיין כח אזוי איבערצייגענד, כאָטש ער ווייזט אוים לכתחלה פרעמד און שווער. ער האָט אפילו די שפּראך ניט אָנגענומען ווי זי איז, ווייל זי קאָן זעהר אָפט פאַרפירען, אָט די שפּראך, אין וועלכער גרייטע פאָרמען פון מאָראל און אבסטראַקטע באַגריפען ליגען אָנגעגרייט פאר יעדען אויג וואָס זעהט, פאר יעדען אויער וואָס הערט. טשערניכאָווסקי, וועלכער וויים נאָר צו דערגרייכען אַלעס אַליין מיט די אייגענע קרעפטען, האָט אויך זיין שפראך, זיין סטיל געשאַפען. דער שאַרפסטער צמצום איז ביי אים; מעטאַלענער קלונג פון פערזען, אויסגעשמידטע קראַפט פון וואָרט. ער איז קאַלט־פלאַמיג, שטאָלשטייף.

און אזוי איז זיין וועלט־באַנעמונג. די ברעקלאך פון וועלטבאָאָס נעמט ער צונויף און מאכט א וועלט, פון בלאָנזשענדע פעדים מאכט ער א געוועב, און פון פונקען וואָס פליען פון שטיינער מאכט ער זיין פייער, ציהט ער זיין ליכט. ער לאָזט

פאַרביי טויזענד חלומות, ביז ער כאַפּט איין קלאָר קול. ער לאָזט פאַרביי טויזענד פאַרלאַנגען — ביז עס שיינט אַרויס איין קלאָרער ווילען.

ער גיט אין איין שיר „שיר עשתרות ובל" דעם פּראָצעס פון לעבען, פון וואַקסען, שפּראָצען און ווערען. ער זינגט אַ שיר צום גאָט פון זון און געטין פון ליבע און פּרוכפּערונג. ער רופט אַרויס דעם פאַרבאַהאַלטענעם יצר הרע, דעם אמת'ן שאַפער פון לעבען. ער באַהאַלט זיך ווי אַ שלאַנג אין גרוב און ווי אַ פּעליקאַן ביינאַכט. גייה אַרויס! רופט ער אויס.

צאו מתוך ערוצי גיא,
מן ערמות עלי ראש,
מנהלולי גזעי-ברוש.
עזבו נקרות צור ובור!
לקראת שמחות, לקראת גיל
פנו דרך, סולו שביל!

געהט אַרויס פון פינסטערניש, מאַכט אַ וועג צו פרייד און גליק! די זון וועקט צו גלוסט, פאַר'סמ'ט דאָס בלוט (מרעיל בשגיונותיו דם) אומעטום און אַלעם זוכט זיין זווג, קערנדלאַך פון פאַר־אַ־יאָרען רירען זיך אָן אין נייע, פויגלען קומען צופליען, גאַנצע מחנות, פּאָר און פּאָר — און פּאַרלאַך פליען אַוועק (להקה ולהקה, קו לקו, באלכסון ובחוג ומתפרדות זוג וזוג). קוק צום סטעפּ — אויך אַזוי. דער הייסער עבר הייסט, באַפעלט אַ וואונדערליך באַפעל.

הוי, בן אדם, לקראת גיל
פנו דרך, סולו שביל!

אַ פולע האַנט פון גאָלדענע ווייץ וועל איך דיר וואַרפען אין פּנים: אין די קערענדלאַך ליגט אַ סוד; זאַפּט פון לעבען, אייביג לעבען. לאָז אַריין דעם סוד אין דיר און לאָז אים ברענען אין דיין בלוט; שטייג אויף, גייה אויף, שטאַרק זיך. גלוסט—

דאָס איז דער געבאָט פון לעבען (קום ועלה, אמץ וחשוק — משפט חיים הוא וחוק!) און אַזוי די ערד — זי טראָגט מיט דורות גראָז; ס'רייסט אַרויס זיך דער זאָמען פון זון, דער זאָמען פון בל. און אַזוי איז דער ים: אויך ער טראָגט, אויך ער האָט דעם עול פון אייביגען געבורט. —

דאָס איז אַ קאָסמישע באַנעמונג. דורות פון לעבען האָבען זיך דערוועקט און באַזינגען דאָס מענשליכע ווערען, דאָס מענשליכע זיין און דאָס גרויסע לעבען. און דערפאַר באַוויינען אַזוי די טעכטער פון ציון דעם טויט פון גאָט תמוז, דעם גאָט פון פרילינג־ליבע. און דערפאַר דערצעהלט ער מיט אַזאַ טיפער ליבע וועגען דעם, ווי אַזוי דער קאָרן וואַקסט, נעמט אַריין די ברעקלאַך זון, בליהט, ווערט רייף און אָנגעלאָדען ביז צום בויגען זיך. ער האָט הנאה און שאַפט הנאה פון דער חבר'שאַפט וואָס אין דער נאַטור — ווען מענש, חיה, פויגעל, בוים און טייך גיסען זיך צונויף אין איין גרויסער שמחה פון וואַקסען. ער לאָזט קיינמאָל דעם מענשען ניט אַליין, אַפילו אין דער וויג־ליד וואָס די מאַמע זינגט דעם קינד ווערען ניט פאַרגעסען דער פויגעל און דער וואָלף. ס'איז אַ גרויס און האַרמאָניש געזאַנג.

ג.

טשערניכאָווסקי'ס שאַפען איז פיל־פאַרביג כאָטש איינהייטליך און איניג. אַ גייסט, אַ מאַנאַליט, וואָס שפּילט מיט פאַרבען פון רעגענבויגען. ער איז ניט פון די לייכטע, ער איז ניט פון די וואָס לויפען פאַר'ן לעזער. ער איז איינגעהאַלטען און צוריקגעהאַלטען, אָריענטירט אויף זיך, פאַרטיפט אין זיך. זיין שאַפונגס־וועלט איז אַ קרייז — אָנגעהויבען און פאַרענדיגט: פון זיך, דור דדער וועלט, צוריק צו זיך. עס איז שווער אים צו תופס זיין פון ערשטען מאָל, נאָר האָסטו אים דערפיהלט, פאַרשטאַנען, געכאַפּט דעם טאָן — ביזטו זיינער. ווערסט פאַרגאַפט

פון דער עכטער פיינקייט, פון דעם ריינעם, קרישטאָלענעם שכל וואָס איז געפיהל, פונ׳ם לויטערען, קלאָרען געפיהל וואָס איז פארנונפט. ער איז דער פּאָעט פון קליינעם געשליפענעם ליד, און פון דער שטארקער היסטאָרישער פּאָעמע וואָס איז פול מיט הויכען פּאטאָס; ער האָט געשאפען די קלוגע, קלאָרע און באַ׳חנ׳טע אידישע אידיליע — פון אוקראינע און קרים — און ער האָט דער ערשטער באַרייכערט די נייע־העברעאישע ליטעראטור מיט דעם „גאָלדענעם שיר" — די סאנעטע. זיין סאנעטע — איז אַ מוסטער פון טעכניק און פארביגקייט פון אויסדרוק און שפּראַך.

ער איז אויך אַ וואונדערבארער איבערזעצער פון קלאסישע ווערק; אים ציט צום וועלט עפּאָס. ער האָט איבערזעצט האָמער׳ן, איליאדע און אדיסעא, ער האָט איבערזעצט „גלגמש" פון דער ביבלישער מיטאָלאָגיע, אנאקרעאן, דעם פינישען עפּאָס: קאַלעוואלע, לאָנגפעלאָ׳ס „ליעד פון הייאוואטע", און אויך פּלאַטאָנ׳ס „סעודה". די אלע איבערזעצונגען זיינען זייער כאראקטעריסטיש פאר אים.

ער שרייבט אויך ערצעהלונגען, פילאָלאָגישע אַרטיקלען, ספּעציעל וועגען באטאנישער טערמינאָלאָגיע, האָט זיך באַטייליגט אין אלע אידישע ענציקלאָפּעדיעס מיט וויכטיגע ארטיקלען.

און ער האָט וועניגער ווי אלע אנדערע געהאט גינסטיגע אטמאָספערע. ער האָט זיך מער ווי אלע געפיהלט פרעמד אין אונזער ליטעראַרישער סביבה. אָבער ער האָט געהאט — זיך און זיינע אמת׳ע טיפע כחות. איצט איז ער „אריבער דעם גרעניץ". ער איז איינער פון די באַליבסטע פּאָעטען. עס איז איצטער זיין צייט אפשר נאָך מער ווי די וואָס זיינען נאָר וואָס געקומען. זיין דראנג נאָך שעהנקייט, זיין זין פאר ריינער מאָראל, זיין ליבע צו מענשען, זיין ריינער גלויבען אין אייביגגוטען, זיין צוגעבונדענקייט צו דער נאטור — דאָס אלעס

האָט אים געמאַכט נאָהענט צום נייעם דור, צו דער יוגענד וואָס געהט אויף אין אונזער פאָלק. ער האָט שטיל און לאַנגזאַם זיינס איינגענומען.

ער האָט אַ וועלט איינגענומען און מיר האָבען אַ גרויסען דיכטער געפונען.

# ז. שניאור

## ערשטער ארטיקעל

### א.

שניאור איז א פּאָעט־אפּיקורס. ניט קיין סענטימענטאלער, ניט קיין פאַר'חלום'טער. ביי אַן אַנדערען וואָלט אפשר אזא אייגענארט געוואָרען א מקור פון א טראַגישער צושפּליטערקייט. אַן אַנדערען וואָלט עס אפשר אַראָפּגעפירט פונ'ם וועג פון שאַפען, ווייל דאָ פאָדערט זיך קודם כל גלויבען, ווייכקייט, תפילה'דיגקייט — און ניט־דערפיהלען און ניט־דערזאָגען. שניאור איז ניט אזוי. ביי אים איז די סתירה, דאָס צושטערען, דער וועג פון בויען. זיין גאַנץ שאַפען איז אַן אונאויפהערליך שטרעבען צו אַנטפּלעקען, צו ענטבלויזען דאָס פארבאַהאַלטענע, צו דערזאָגען דאָס ניט־דערזאָגטע. ער איז א ניכטערער, און האָט ליב צו ניכטער זיין און ניכטער מאַכען. ער איז א קרעפטיגער, א מענליכער פּאָעט. ער זינגט ניט צוליב'ן זינגען. ער ווערט ניט פאַר'שיכור'ט פון אויסערליכער שיינקייט, צופעליגען גלאַנץ — ווייל גלאַנץ פארבלענדט און ער וויל אויפדעקען, ענטפּלעקען, דערזעהן דאָס קערנדעל — און אַפילו דאָס פוילע קערנדעל. אויב ער ווערט יאָ פאַר'שיכור'ט איז דאָס פון דעם עצם וואַגען, פון דעם בונט, וואָס קאָכט אין אים. ער איז דער פּאָעט פון דעם געפילפולען געדאַנק. געדאַנקען און אידעען — דאָס איז די וועלט אין

וועלכער ער לעבט. אָבער זיין געדאַנק איז ניט קיין אַבסטראַק־
טער. ניט קיין אויסגעטראַכטער. זיינע אידעען בריהען. ער
צאַפּעלט מיט זיין גאַנצען וועזען אין די לידער, וועלכע האָ־
בען זיך פון אים מיט אַ שטראָם אַרויסגעריסען. ער האָט
אָדער ליב אָדער פיינט. און מער פון אַלעמען — פיינט.
מיט'ן צושטערטען בויט ער. מיט שנאה ליבט ער. און אין
זיין ליבע איז דאָ אַ סך גלוסט, אַ סך הנאה. מיט אַ באַ־
זונדער חשק ערקלערט ער אַלע מאָל: אני חומד ושוטם כאחד —
איך גלוסט און איך האַס צוזאַמען. „למה אתאו בדמי את הכל
— ובלבי לא אוהב מאומה" (פאַרוואָס גלוסט איך אַלעם מיט מיין
בלוט — און אין הארצען האָב איך גאָרניט ליב?) די
תאוה — דאָס איז זיין סטיכיע. און מיט איר כח וואָגט ער.
ער לייטערט זי ניט, ער איידעלט זי ניט אַזוי אַז זי זאָל אויפ־
געלייזט ווערען אין אַ שטילען ניט־ערדישען געפיהל פון ליבע.
פאַרקערט, ער פאַרשטאַרקט זי און צינדט מיט איר אָן זיין גאַנץ
וועזען. און דערפאַר איז ער שטענדיג וואַך, ניט קאַרג אויף
קיין וואָרט, ניט געצאַמט.

אין זיינע זאַכען רעדט ער צו אימיצען, ווענדעט זיך צו
צוהערער. לאַכט אין פנים אריין, שטראָפט, מוס'רט, באַקלאָגט
זיך און זאָגט אָן. שניאור'ס שאַפען פאָדערט אַן אויער, זוכט
אויף וועמען צו ווירקען. ער איז זיך זעלטען מתבודד, מיט
זיך אַליין. ער שרייט אַרויס זיין צאָרן, זיין פעסימיזם, זיין תאוה־
דורשט פאַר דער וועלט. זאָלען אַלע הערען. און ער שאַנעוועט
קיינעם ניט. ניטאָ פאַר אים קיין געהייליגטע זאַכען. אויך די
הייליגע מאדאָנעס פון „נאָטרדאַם דע־פּאַריז" וועקען מיט זייער
שיינקייט זינדיגע געדאַנקען: זייער ענטבלויזטער האַלז, וואָס
איז אין פורפור האַלב פאַרוויקעלט אין זייער פולע ברוסט און
די גרויסע מאַנדעל־אויגען רייצען קערפּערליכע בענקשאַפט . . .
ער זעהט ווי די אמונות געהן אונטער. „געשטאָרבען איז גאָט —
און דער מענש האָט נאָך ניט אויפגעלעבט". זיין אפּיקורסיש־

עפיקורעאישער גייסט האָט זיך זעהר פריה אַרויסגעוויזען. אין א שיר פון תרס"ה — ווען ער איז 19 יאָר אַלט געווען — מיט'ן נאָמען „בליל חשק" (וועלכער איז אגב נאָך זעהר פרימיטיווו אין פאָרם נאָר שטאַרק אין אויסדרוק) רעדט ער ווי אַן איבער־געזעטיגטער פון לעבען וועגען דעם פאַרהאַסטען שטאָדטישען לעבען. ער בייגקט נאָך ליבע, נאָך געזונטער, פרימיטיווער ליבע. דער מענש האָט פאַרלאָזען די פעלדער און האָט זיך פאַרשלאָסען אין די שטיינערנע שטייגען פון שטאָדט; ציהט די פרוי צום מאַן, און זיי שעמען זיך, פאַרשטעלען זיך און וואַרטען — אויף וואָס וואַרטען זיי?

## ב.

ער האָט אָנגעהויבען פונ'ם סוף. פונ'ם אונטערגאַנג. אַזוי ווי אַ פאַרשפּעטיגטער האָט ער זיך אַרויסגעריסען פון זיין פאַר־באָרגענקייט און האָט זיך האַסטיג גענומען צום לעבען. ערשיגען א רייפער. אין „מבוקר עד בוקר", איינע פון זיינע פריהע לידער, גיט ער אונז זיין טאָג־סדר — ווי ער לעבט: ער קאָן קיינמאָל דעם זונען־אויפגאַנג ניט זעהן, ער האָט קיינמאָל דעם דאַזיגען נחת ניט געפיהלט, ווייל ער איז פויל, ווייל ער איז מיד — און אַלע טאָג שלאָפט ער שפּעט. און אַז ער שטעהט אויף — איז שוין דער טאָג אַ פאַרשוועכטער, און די זון איז אַ געלע, אַן אַלטע־אַלטע. און אַז ער שטעהט אויף — ליגט די וועלט אין אַ גרויסען אומעט און די הימלען זיינען אָפּגעבליהט. ער האָט פאַרשפּעטיגט דעם פרימאָרגען, און זיין (דעם פרימאָרגענ'ס) נשמה שלעפּט זיך אים נאָך און זוכט אַ תקון פאַר זיך (אין זיינע לידער) — און געפינט ניט. אַ תקון געפינט די שקיעה, דער אונטערגאַנג. מיט וואָסער אַ געגוויליבקייט באַשרייבט ער דעם זונען־אונטערגאַנג, די לויה פונ'ם טאָג! ביז דער דריטער אשמורה באַווייגט ער דעם אונטערגאַנג און אויף מאָרגען פאַר־שפּעטיגט ער ווידער. דער פרימאָרגען איז אַוועק. אָבער —

מיינט ניט, אז שניאור איז דער פּאָעט פון אונטערגאַנג. ער וויל ניט באַזינגען דעם אויפגאַנג, ווייל דער אויפגאַנג איז מילד, צניעות'דיג, שטיל און צאַרט. און שניאור וויל ניט קיין תמימות. פאַרליידט ניט די שטילע טענער און האַלבע קלאַנגען פון דער פרימאָרגען־ערוואַכונג. אָבער ער איז נאָך זעהר ווייט פון אונטערגאַנג. ביי אים איז דער אונטערגאַנג זיין אויפגאַנג (גם השקיעה זו היא שחר) און אַלעס איז באַגאָסען מיט אַ העל־רויטער שיין.

אויב אין זיינע לידער איז ניטאָ די אומשולדיגע ווייסקייט איז אין זיי אויך ניטאָ קיין שוואַרצע פאַרבען. ווייל די שטאַרק־סטע פאַרב ביי אים — איז די רויטע. רויט איז גלוסט, רויט איז בלוט. און די ביידע עלעמענטען זיינען די שטאַרקסטע זיילען זיינע. ער האָט אַ וואונדערבאַרע פּאָעמע „פרגים" (מאָהן), אין וועלכע עס קאָכט מיט רויטקייט, בלוט און תאוה. די מאָהן־בלומען זיינען ווי פאַרפרוירענע גלוסט־געשרייען וואָס האָבען זיך אַרויסגעריסען פון דער ערד. פייער־צונגען אין דעם גרינס — און דאָס גרינס ווערט ניט פאַרברענט. און ער, דער גלי־הענדער, דער תאוה'דיגער, שטעהט אינמיטען, אַ פלאַמען־טאַנץ אַרום אים: עס זידט דאָס בלוט פון פעלד. ער הערט: די פאַרלאָזענע ערד שרייט צו איר ווייטען אויסדערוועהלטען — צו דער זון. (ואשמע — הארץ צועקת עזובה — לבחירה הרחוק, לשמש אהובה. צועקת בלי קולות, לוהטת בלי להב, והשמש מצטחק ולו זוהר ורהב). עס ציהט זיך די ערד צו דער זון — און עס שפּראָצען אַרויס די בלומען פון מאָהן, די תאוה־געשרייען פון דער ערד. די גאַנצע וועלט שרייט אַרויס איר ליי־דענשאַפט. לעבען זאָל דאָס שלעכטס! (יחי הרע! בוז לתום ובוז לקודש ולכל רגש אין לו דרור; כגמל צמא נפלה תבל במדברכם רב האור). און דאָ ערוואַכט דער קול פון ראַסע. דער פּאָעט האָט דערפיהלט דעם ריח פון מזרח, די פאַרב פון אָריענט. אז ער קוקט אויף די מאָהנען דערזעהט ער אַראַבער און אידען־בעדו־

אינער פון מוחמד'ס צייטען. הויבט ער ווידער אָן טרוימען וועגען די בריונים וואָס האָבען רעוואָלטירט און ער זעהט בלוט־פלעקען פון נקמה אויף זייערע קליידער, און רויטע טאָרעאָדאָרען וואָס שלאָגען זיך מיט אָקסען אין צירק. די רויטע מאָהן־בלומען — דאָס זיינען זיינע פערלאַנגען. און דאָ אין רויט־פלאַמענדיגען פעלד ווערען צוויי ראָסען פאַרשמאָלצען: ער, דער זוהן פון מזרח, מיט דער טאָכטער פון מערב, די ליכטיגע און צאַרטע, וואָס איז צו אים געקומען. דאָ האָבען זיך פייערליך צונויפגעגאָסען ליבע, תאוה, בלוט און ראַסע — און איבער אַלע־מען איז דער חשק צום לעבען.

און אַז אַלעס איז שוין אויסגעוואַקסען, אַז דער מאָהן איז געוואָרען רייף — האָט זיך דאָס פייער אויסגעלאָשען, און דער פּאָעט האָט געזעהן, אַז ער איז אָפּגענאַרט. אָט די דאַרע מאָהן־קלאַפּערלאַך וואָס זיינען אָנגעפילט מיט שוואַרצע קערענדלאַך — זיינען שוין ניט זיינע. זיי דערמאָנען אים די שמשים־פּושקעס וואָס קלאַפּען ביי די גרויסע לויות. „רמיתם אותי, פּרגים! מתחת לשלהבת טפחתם בטן ברוכה ופרי לעתיד לבוא: למראית עין בזיתם ובסתר־לב קויתם לבציר השבע עם רקבונו ועם זהבו".

די מאָהנען האָבען אים אָפּגענאַרט. פון אונטער זייער פלאַם האָבען זיי געוואַרימט די פּירות פאַר'ן צוקונפט. זיי האָבען נאָר למראית עין געשפּאָט — און אין האַרצען שטיל געהאָפט אויף דעם זאַטען הערבסט מיט זיין פּוילקייט און זיין גאָלד. פון די רויט־גליהענדע מאָהן־בלומען, וואָס האָבען געזופען צו לעבען און גלוסט, זיינען געוואָרען בעל־הבית'ישע מאָהן־פּושקעס, וואָס וועלען געבען מאָהן פאַר גוטע קיכלאך אויף צו עסען ערב שבת.

אָט דער תכלית וואָס ווערט פון אַלע חלומות, אָט דער סוף מיט וועלכען עס ווערען „געקרוינט" אַלע אונזערע געוואַגטע טריט — רופט אַרויס דעם גרעסטען שפּאָט ביי שניאור'ן. דאָ ווערט געבוירען זיין סאַטירע, וואָס איז אַזוי שאַרף און בייסיג און אָהן־רחמנות'דיג. דערפאַר איז ביי אים ניטאָ קיין אומעט

אין הערבסט. נאָך דער רעש'יגער־רווישיגער צייט פון שכרות, פון לעבען איבערגעזעטיגקייט קומט ניט אָן קיין אפאטיע, קומט ניט קיין מעלאַנכאָליע — נאָר א קלוגער, שארפער סאטירע־טאָן. וואָס ער האָט געטאָן — האָט ער געדאַרפט. אזוי האָבען אים די פארלאַנגען געהייסען. אזוי האָט אים זיין געדאנק, זיין פארשטאנד געלערנט — און ער איז גערעכט. איצט אז ס'קומט די ערוואַכונג, די אויסניכטערונג — איז ער ביי זיך אזוי שטארק, אזוי געוואַגט ווי פריהער. און אין דעם ליגט אפשר דער סוד פון זיין כח. ער שווימט פון עק צו עק און פון ים צו ים — און ווערט ניט מיד, און גיט זיך ניט אונטער. דוכט זיך אָפט: אָט דער גאַנצער שוים, און דאָס גאַנצע אפיקורסעווען און בלוטיגער אימפולס — איז א סימן פון צופיל כחות, פון יונגענד־גבורה וואָס רינט אריבער די ברעגען. זיין פעסימיזם איז ניט קיין שוואַכקייט־פעסימיזם, נאָר אָן איבער־געטריבענער אָפּטימיזם. דאָס איז א ים וואָס איז אַרויס פון די ברעגען.

ער האָט ניט ליב דעם סוף, ווייל דער סוף באַגרעניצט, מאַכט אַ סוף, לאָזט ניט ווייטער, און דערפאר געהט ער אָהן אָפּשטעל. פארשלינגט די סופים, שפּרינגט דורך די אָנהויבען, און ווארפט בריקען („גשרים" הייסט איין בוך לידער זיינע) פון ווייטקייט צו ווייטקייט, אבי ניט וויסען פון קיין אָנהויב, אבי ניט קומען צו קיין סוף.

שניאור איז דער שונא פון בעל־הבית'ישקייט, ווייל אין דעם איז די באַגרעניצקייט, וועלכע ער קאָן ניט פארטראָגען. עס טרעפט גאַנץ אָפט אז ער צושטערט זאַכען וואָס דאַרפען זיין, ווישט אָפּ גרעניצען וואָס מוזען בלייבען. אזוי פאַלט ער אַמאָל אריין אין תהום פון אַלטען צווייפעל. דאַן ווערט אפילו זיין פייער אויסגעלאָשען, דאַן ווערט אפילו זיין פאַטאָס אויפגעלייזט — שטויסען מיר זיך אָן אין אַ טעמפּען, קאַלטען ווינקעל. גרויע מינוטען קומען. און עס הודיען זיך שטיל און ניט־

ווילענדיג דעם פּאָעט'ס פאַר'שכור'טע געפיהלען—אָהן אַ ריכטונג און אָהן אַ מאָס. „ניט קיין נעבעל שוועבט און ניט קיין רעגען גיסט. ס'איז ניטאָ קיין ווינט און ס'איז ניטאָ קיין שטורם, ניט קיין בלאַסער מאָרגען, ניט קיין בין־השמשות, ס'איז ניטאָ קיין פרייד און ס'איז ניטאָ קיין צער". ס'גלוסט זיך גאָרניט, „ניט אַרומנעמען אַ מיידעל, און ניט אויסגעהן עלענד, חלום'סט ניט פון מאָרגען, געדענקסט ניט וואָס פאַרגאַנגען". ס'גלוסט זיך שלאָפען. אַ טעמפּען שלאָף אָהן חלומות, ביז ס'וועט זיך אויפוועקען די גליהענדע זומער־זון, אָדער — אַ ווילדער שנעע־שטורם.

אָט אַזוי פלעגט שניאור ווערען געפאַנגען אין שטילע צווישען־מינוטען. אויף די ערשטע דעמערונג־שירים איז אויס־געגאָסען אַ באַזונדערער חן. ער ווייסט ניט וואוהין צו געהן און וואָס צו נעמען. ער איז האַלב אַהין און האַלב אַהער: „נפשי היא חציה באופל וחציה בנוגה טובלת". אַ האַלבע נשמה אין פינסטערניש; אַ האַלבע טובל'ט זיך אין שיין. וועגען וואָס זאָל ער זינגען? עס שרעקט אַזוי די נאַכט! און שיין איז דער ברענענדער מערב! צי זאָל ער זינגען וועגען ליכט אָדער באַגריסען די שאָטענס?

אָט דער דאָזיגער וויגען־זיך אויף די לייכטע פליגלען פון ליכט און שאָטען, שמחה און פרייד איז אַזוי נאַטירליך און אמת'דיג! אָבער אין די שפּעטערע שירים פעהלט שוין די האָזיגע שפּילעוודיגקייט, וואָס פלעגט זיך רויטלען אין די פריהע יאָהרען. ער ווייסט פון איין פאַרב: רויט; ער ווייסט פון איין קול: בלוט; ער ווייסט פון איין באַגעהר: זינד. דאָס איז זיין יאָ. דער ניין איז: אַקעגען די אָנגענומענע פאָרמען פון בעל־הבית'ישען לעבען און גלויבען. אין זיין פּאָעמע „והיה באחרית..." לאַכט ער אויס אָהן רחמנות אונזער פאָרשטעלונג וועגען דעם קומענדיגען גליק פון „באחרית הימים". אַלץ וועט דאַן זיין נוצ־

ליך, ווייל דאָס שעדליכע ווערט זיך אָפּטאָן און ס׳וועט קיין אכזריות ניט זיין, ווייל „וגר זאב עם כבש״, און די אויגען פונ׳ם וואָלף וועט אויסגעלאָשען ווערען דאָס גרינע שוועבעל־פייער, און דער ריח פונ׳ם שטאָל וועט אים ליב זיין, ווי דער ריח פון דעם וואַלד. און דער לייב וועט — אויך קייען שטרוי און „מעלה גרה״ זיין. זיין ברומען וועט שוין מעהר ניט אויפציטערען די פעלזען, דאָס קליינע פעלד־אינגעל וועט אים ליבליך קלאַפּען איבער דער גריווע: אי, דו פוילער, פוילער, דו עסט שטרוי אומזיסט! א פּאָר פּאַנטערעס וועלען איינגעשפּאַנט ווערען אין אַקער, עס וועט ניט זיין קיין גיפט פון שלאַנגען. קליינע אינגעלאַך וועלען זיך מיט זיי שפּילען, געבען שמעקען טאַבאַק פונ׳ם זיידענ׳ס פּושקע, און זיי — וועלען ניסען און מורמלען: אוי, לצים, לצים . . . לעמפּערטען וועלען דרימלען אין שוים פון אַלטע מוידען, אזוי ווי איצטער דרימלען הינט און קעץ געפּעשטשעטע. דער האָן וועט צוזאַמען מיט דעם אָדלער פּיקען פון איין מיסט און פון „דרכי שלום״ וועגען וועט דער אָדלער חנפענען זיין חבר: ליבער האָן, ס׳ארא רויטע שעהנע „היטעל״ האָסטו.

אַלע וועלען זיין גלייך, ניט גרויס, ניט הויך, ניט נידעריג. די נאַפּאָלעאָנס וועלען געהן צופוס צוזאַמען מיט די סאָלדאַטען און קיינער וועט זיך ניט שפּילען מיט די קונסט זאַכען — ווייל זיי זיינען נוצלאָז. ס׳וועט זיין א זיסע צייט. א זאַטע, רוהיגע פלאַקסענע צייט. מרבה לחם מרבה צדקה; מרבה פּשתן — מרבה אמת.

און אין די וויטערדיגע קאַפּיטלען פון דער דאָזיגער שאַרפער פּאָעמע צוברענט זיך דער פּאַטאָס פונ׳ם פּאָעט, וואָס האָט אזוי ליב אַלע ניט גלייכהייטען, וואָס האָט ליב פליהען און פאַלען, ווערען באַגייסטערט און ווערען ענטוישט, זעהן הויכע בערג וואָס רופען, נאַרען — און נאָכדעם שפּרינגען אין תהומות. מעהר פון אַלעם באַווייזט ער דעם גורל פון יצר הרע אין די דאָזיגע לאַקריץ־זיסע טעג.

ג.

די פיינליכסטע און טיפסטע פּראָבלעם אין שניאור׳ס שאַפען — איז די פרוי. זי איז דאָ אין אַלע זיינע חלומות, אין אַלע זיינע זעהונגען. ווי אַ שפּינוועבס, לייכט און פאַרפּלאָנטערט, האָט זי אַרומגעוויקעלט אינגאַנצען זיין וועזען און געוועלטיגט איבער איהם. אויפ׳ן ערשטען קוק קאָן מען מיינען אַז ער איז דער מלך, אַז ער, דער מענליכער און וואַגענדער, איז דער הערשער. ער רעדט דאָך צו איר אַזוי ניכטער, אַזוי באַפעלענד און אָהן כבוד — אָבער אין אמת׳ן איז ער דער גרעסטער באַזיגטער. זי איז אומעטום — ער קאָן זיך ניט באַפרייען.

אָבער דאָך — זעהט ער די וועלט דורך איר. דורך איר וויל ער אויפלעבען די „תפארת" וואָס איז געשטאָרבען, און אין איר געפינט ער דעם קוואַל פון באַגייסטערונג, דעם מקור פון דעם לעבען. זי איז דער איינציגער אמת. „איך וועל מגולגל ווערען אין דיר, און דער ציל איז ניט באַוואוסט, רינגען אָהן אַ צאָל. צוריים אויף שטיקער דאָס זייד פון קלייד פאַר דעם וואָס איז געקומען פון דעם גרויסען כאַאָס". דורך איר האַרץ וועט ער קוקען ווי דורך אַ גאָלדענעם פענסטער און אויב אין אַ שעה פון לייכטמוטיגער תאוה און איבערגעזעטיגקייט שרייט ער אויס: „לנערות מצאתי פתרונים ולחידת נעורי אין פתרון" — (צו די מיידלאָך האָב איך געפונען פתרונים נאָר צו דער רעטעניש פון מיין יוגענד האָב איך קיין פתרון ניט געפונען) שרייט ער אָבער אויס, אין אַנדערע שעה׳ן: מוטער, אייביג־פיינדליכע געליבטע, אָהן גרעניץ איז פאַרשקלאַפט דער מאַן וואָס ליבט און ענדלאָז איז זיין באַגעהר צו הערשאַפט.

אָט דאָ איז דער קנופּ. ער איז פאַרשקלאַפט אָהן גרעניץ — און אָהן אַן ענד איז זיין באַגעהר צו הערשאַפט, וועלכע . . . ליגט ביי איהר, אין איהרע הענט.

כדי צו באַפרייען זיך פונ׳ם שווערען יאָך פּרואווט ער זיך

אמאָל געהן אויף אַ גליטשיגען וועג. ער שפּאַלט זיין ווען אויף צווייען. גיט ער אָפּ די נשמה צו גאָט און דעם קערפּער צו דעם טייוועל. „הנשמה לאלהים והגויה לעזאזל״. ביידע זיינען דורשטיג און זוכען זייער תיקון — אין דער פרוי . . . און ער טרייסט זיין מיידעל, צו וועלכער ער האָט געזינדיגט מיט אַ צווייטער: זיי מיר מוחל, בלאַסע, דיין האַנד איז אַזוי גוט. אויב דיין האַרץ איז גוט אַזוי — ווערסט דו דאָך מיר פאַרצייהען. ווען מיינע הענד האָבען זי געאַרעמט האָט מיין נשמה דיך אַרומ־גענומען . . .

דאָס לעבען איז אַ רעטעניש, און די פרוי, איז אינ־מיטען, דער צענטער פון׳ם רעטעניש. ער וויל אַראָפּרייסען דעם צודעק פון דעם סוד וואָס רופט זיך פרוי, און ער קען נים. האַסט ער זי, דעם מקור פון די ליידען. ניט ער ליבט זי — נאָר ער גלוסט זי, ער איז אַ געבונדענער שמשון אין די צעפּ פון די שוואַרצע, בלאָנדע דלילות. און ער איז זיך מודה: איך פלעג תמיד שפּאָטען פון איר — פון דער פרוי, וואָס האָט ניט קיין זכרון און פאַרגאַנגענהייט; וואָס איר האַרץ און חלום פליהען אַוועק מיט׳ן שלאָף און אַז זי שטעהט אויף האָט זי גאָר ניט. איך האָב געהאַסט די געליבטע רעטעניש, וואָס איז פאַר־וויקעלט אין אַ סודות׳דיגער זיידען־קלייד, וואָס שעפּטשעט: שטעה אויף און רייס אַראָפּ דאָס קלייד — און אַנטפּלעק דעם סוד! און ער איז זיך ווידער מודה: אין זיינע ליבעס פלעגט ער אין געוועב פון לידער, קנאה און זיפצען — באַהאַלטען אַ קליינעם שד; שעפּטשען: „איך בין אַ קנעכט״ און איז געווען אַ מלך. און זי? אַ דינסט פון דינסטען. און זעה נאָר, וואָס אַצינד? ווי ציטער איך איבער די ברעקלאַך! ווי ווייך און ביטער און פול מיט קנאה שטעה איך פאַר מיין געליבטער און איר צוזאָגענדען געלעכטער — און האָס זי, האָס זי טיף און גלוסט, און גלוסט און גלוסט . . .

און אין זיין „תפלה״ (אַזוי איז דער נאָמען פון ליד) זאָגט

ער: ווי ביי אַן אָפענעם קבר שטעה איך ביי איר בעט און אויף דער קישען בליהט מאָהן פון זיסע ליפען; אָה, מיין שטאַר־קער, קלוגער גאָט, איך וועל אין דיינע הענט אריינפאַלען, אבי ניט אין די דאָזיגע מארמאָר הענט! — אָבער די תפלה קאָן שוין מעהר ניט העלפען. ער איז יאָ אין אירע הענט אריינגעפאַלען.

### צווייטער אַרטיקעל

הונגער און דורשט — דאָס איז די צווייפאַכע טרייב־קראַפט פון שניאור דעם דיכטער. און מיט די דאָזיגע צוויי מעכטיגע עלעמענטען שטורעמט ער און שטרעבט ער, שטערט ער און בויט ער, שטייגט ער און שאַפט ער. און מיט זיי שטעקט ער אָן אויך אונז און די וועלט אַרום זיך.

שוין אין ערשטען ליד, „לולא תקוותי", רעדט ער פון זיין הונגער (ופליטת בשר גוי, שארית הרעב) און אין „צמאים נצאה בבוקר" (געשריבען אין 1903) זינגט ער: „צמאים נצאה בבוקר צמאים לזוהר, ונכונים אנחנו לבלוע את שמש השחקים ברעבון־ענקים" — (דורשטיגע געהן מיר אַרויס אין דער פריה, דורשטיג נאָך ליכט, און גרייט זיינען מיר איינצושלינגען די זון פון די הימלען מיט אַ ריזען־הונגער) און אַזוי אין פיל לידער איידער נאָך ער ווייזט אַרויס דעם הונגער זאָגט ער אים, שרייט ער אים שוין אַרויס (אין „חובות").

ער וויל ניט וויסען פון קיין צוימען און פאַרזייטע בייטען: ער איז הונגעריג. און ער וויל ניט הערען דאָס שעפּטשען פון קראַנקע זקנים, ווייל די פרוכט פון לעבען איז רייף און רופט. די דאָזיגע זקנים, די היטער פון געזעץ און באַגרעניצטקייט ווייסען נאָר איין זאַך „מ'טאָר ניט!" און „נעם ניט!"

אָבער ער, וואָס האָט פיינט אַלטע און סטאַטעטשנע, בעל־הבתישע מענשעלאַך און כשר'ע נשמה'לאַך — וויל איינמאָנען זיין חוב, זיין פרייד, זיין גליק, זיין ליבע.

און אז ער רעדט פון פרייד און גליק און ליבע — מיינט ער עס ניט חלילה בלויז אלס א פאעטישען משל, נאר אלס א ווירקליכקייט, א דיכטונג פארקערפערט אין לעבען. יוגענטליכע פרייד, מענשליכער גליק און ערדישע ליבע. ווייל אפילו דער אין־סוף איז אים איינג — אהן ליבע און אהן מיידלאך איז קאלט אפילו אין די בערג.

דערפאר וויל ער שעפען א פונק פון יעדער פרוי און באפעלען איר: ליב!

ווייל די גזלה פון זיין יוגענט ליגט באהאלטען אין שוים פון חוה'ס טאכטער, אין די ליפען פון דער פרוי.

אט דער הונגער־דורשט ווערט דא, ווען ער קומט צו דער פרוי, פארוואנדעלט אין א פייער וואס פארצערט, אין א גליהענדער עראטישקייט וואס איז אין אנפאנג געווען ניט נאר ניי, נאר אויך זעהר געוואגט; און נאר די מזרח־אנגעגליהטע העברעאישע שפראך, די וואס האט אין זיך דעם עלעמענטארען כח פונ'ם אוראלטען העברעער, דעם אייזען און עפאס — נאר זי האט געקאנט צוימען און שמידען די פייער־צונגען פון דעם יונגען, פאר'שכור'טען, זיגענדען און זינגענדען מאן־פאעט.

און דערפאר זעהן מיר ווי ער, דער פאעט פון קולטור און גרויסער שטאט און מאדערנעם מענשען, דער פאעט פון היינט און מארגען — איז אויך דער פאעט פון ווייטען נעכטען, פונ'ם פרימיטיווען מענשען. ער וועט ניט דורכלאזען קיין געלעגענהייט צו פארגלייכען דעם שוואכען מענשען פון היינטיגער ציוויליזאציע מיט'ן שטארקען, מעכטיגען פרא אדם פון אמאל, פון די ווילדע מדבריות.

ביי אים איז דער סימבאל פונ'ם אוממיטעלבארען מאן — אדם.

און די פארקערפערונג פון דער אמת'ער, קערענדיגער פרוי — חוה.

ער ביינקט נאָך דער פרייער ווילדקייט פון מדבריות און וועלדער און נאָך דער צייט ווען אַ נאַקעטע און אָפּגעברענטע בת חוה פלעגט אַרומבלאָנדזשען און זוכן איר געליבטען אין די בערג.

ברוכה לי תהיי, את פראות חפשית
של תקופת מדבריות ויערים!
עת נדה בת-חוה ערומה ושזופה
ובקשה את דודה בהרים.

און אַז ער פאַרגלייכט דעם קרבן פון דעם ווילדען מענשען מיט׳ן קרבן פונ׳ם קינסטלער (אין „תקופות") איז דער ערשטער אַ מעכטיגער אויסדרוק פון אוראַלטען גלויבען, פון פחד און פון ליבע, פון ברענענדען עקסטאַז — פאַרגעסען ווייב און קינדער צוליב זיין גאָט — און דער צווייטער איז אַ ראַפינירטער, אויס־געאיידעלטער שיינקייט־טרינקער וואָס וואַרפט אַוועק דעם זונען־אונטערגאַנג ווען ער דערהערט דעם קלונג פון גלאָק צום . . . עסען אין האָטעל.

„ואל הזוהר נכלם מאוד" — דער גאָט פון ליכט האָט זיך זעהר פאַרשעמט, זאָגט דער פּאָעט. און ניט נאָר גאָט האָט זיך פאַרשעמט.

ווייל ער האָט פיינט צביעות און אויסערליכען גלאַנץ. ער האָט ליב אַראָפּרייסען מאַסקען און שלייערן. ער איז אומדער־באַרמדיג און צושטערעריש ווען ער דערזעהט אַ מאַסקע אָדער אַ שלייער. ער האָט ליב נאַקעטקייט — פון קערפּער און פון גייסט. (קום גול וקרע השמלה והנה כל החידה! — רייס אַראָפּ די קלייד און אָט איז די גאַנצע רעטעניש!)

אָבער אויך דאָס איז אים צומאָל קאַרג. דער מענש, און אפילו דער קדמון, איז צו ווייך. און אויב מ׳וויל זעהן גבורה, אמת׳ע מאַכט, און ניט־געצווימטע תאווה — מוז מען אָנקומען צו די חיות, די געטרייע אויסדריקער פון די שאַרפסטע און שטאַרקסטע אינסטינקטען. און אַז ער שטעהט אין זאָאָלאָגישען

גאָרטען און זעהט צו דעם מאָמענט פון ליבע צווישען „לייב" און „לייביכע" ברענגט ער אונז צוריק צום דזשאַנגל, צו דעם קוואַל פון פאַרצוקענדער ליבע.

„זי", די לייביכע, האָט נאָך אין זיך במעט־ווייבליכע ווייכ־קייט. אין אירע גלידער פליסט צערטליכקייט. דער ביין אין איר רוקען איז געוואָרען פלייש און די גבורה — חסד; און זי בעט פאַר זיך אַ ביסעל ליבע אַזוי ווי אַ געפאַנגענער בעט אַ טראָפּען וואַסער: אָ, זיסע, זיסע דורשט! (ווידער די דורשט!).

אָבער „ער", דער לייב, כאָטש אַ געפאַנגענער, שפּרייזט אַרום אין זיין שטייג ווי אַ ניט־היגער כח. זיינע לאַפּעס און זיינע נאָזלעכער, זיין נאָז און זיינע אויגען, זיינע מוסקולען און זיין גריווע — אַלץ אָטעמט מיט מדבר.

ער האָט ליב פאַרצוקער און האָט פיינט „פאַרצוקטע". ער האָט ליב לייבען, לעמפּערטען, וועלף און פאַנטערעס און האָט פיינט שעפּעלעך און לעמעלעך, אומשולדיגע באַשעפּענישען וואָס זייער איינציגער אידעאַל איז איינגעשלונגען ווערען פונ'ם שטאַרקען.

אפילו מחשבות טיילט ער איין (אין „אספּרתקוס") אין צווייערליי מינים: וועלף־מחשבות און שעפּסען־מחשבות („זאב המחשבה" און „מחשבות־שיות") און ער, דער וואָלף פון מחשבה, דאַנקט און לויבט ספּאַרטאַק'ן, וואָס האָט אויפגעשטו־רעמט די גלייכגילטיגע קנעכט וואָס זיינען געווען גרייט צו שטאַרבען מיט'ן טויט פון אָנגעצונדענע און קאָנוואולסירענדע מייז אין אַ גרויסער שפּיל־נעץ. ווען ניט דו, ווענדעט ער זיך צו ספּאַרטאַק'ן ווער ווייסט וואו וואָלט איך געווען איצט — איך, אַן אייניקעל פון אַ באַזיגט פאָלק.

און ער מאָלט אַ וועלט פון אכזריות און פאַרניכטונג, פון שנאה און פון אומקום. עס איז אַ וועלט־ארענע וואו ניט גלאַ־דיאַטאָרען שלאָגען זיך, נאָר קינסטלער ראַנגלען זיך פאַר אַ שטיקעל ברויט און בלאַסע גאונים — פאַר אַן אָנהאַלט אויף

דער ערד. די בעסטע ערטער אין דעם צירק האָבען פאַרכאַפּט די גראָב־בייכיגע און פעט־האַרציגע. גווידערס טרייסלען זיך פון נחת און פינגער באַזעצטע מיט דימענטען טייטלען: דער האָט געזיגט און דער איז געפאַלען!

און אין דעם דאָזיגען צירק קעמפען אויך אומבאַוואָפענטע פעלקער און אידען פאַר די אויגען פון באַוואָפענטע הערשער. און זיי, די אומות־העולם, זיצען, זעהען און קרעכצען נעבאַך פון רחמנות — אַלטע פאַרוועלקטע זונות!

דערפאַר קוקט ער מיט האָפנונג און גלויבען, מיט ענט־ציקונג און פאַרגעטערונג אויף דער געשטאַלט פון׳ם שטורמער און רעוואָלוציאָנער ספּאַרטאַק, ווייל אין זיין תורה שטעהט גע־שריבען: „להתקומם ולהתקומם עד אין תכלה!” — רעוואָלטי־רען, רעוואָלטירען אָהן אַן עק!

ווייל דאָס איז דער סוד פון מענשליכע פאַרלאַנגען און זיין גייסטיגען הונגער. יעדע תורה — איז אַ סטאַנציע, וואו פאַר־בייגעהענדע דורות שטעלען זיך אָפּ. יעדער אמת — איז אַ שוואַך געצעלט פאַר וועלט־וואַנדערער.

און די געטער זיינען פייער־טורעמס אין די נעכט פון דער וועלט. איינער ווייט פון צווייטען און יעדער מיט אַ באַזונדער פאַרב און די ליכט פון איינעם דערגרייכט ניט דעם צווייטענ׳ס.

און פאַר דעם זוכער — ווערט אין דאָזיגען בוך אָנגעזאָגט: רוה זיך אָפּ אין אַן אמת־געצעלט און אויפמאָרגען שטעה אויף פריה, לייג צונויף אים, דעם געצעלט, און איייל זיך ווייטער. תמיד, תמיד ווייטער — ביז אַ צווייטעןביידעל.

און פון אים צו אַ דריטען. ווייטער, ווייטער.

דאָס איז די זעלבע טרייב־קראַפט וואָס אַמאָל הייסט זי הונגער און אַמאָל הייסט זי דורשט, אַמאָל הייסט זי ליבע און אַמאָל הייסט זי שנאה. אַמאָל הייסט זי גלויבען, און אַמאָל הייסט זי אומגלויבען.

און זי איז עס דער קוואַל פון די איינערליכע סתירות, וואָס אין זיי איז שניאור פאַרוויקעלט און וואָס אין זייער נעץ צאַפּעלט ער זיך ווי אַ געפאַנגענער.

דאָס זיינען די סתירות פון איינעם וואָס האָט פליגלען און ניט אַלע מאָל קאָן ער, אָדער לאָזט מען אים, פליהען. דאָס זיינען די ליידען פון איינעם וואָס איז געפּענטעט, וואָס איז באַגרעניצט פון דרויסען, וואָס האָט אין זיך זודיג מזרח בלוט און מוז פריי־רען אין קאַלטען צפון. וואָס זאָל און קאָן זיין אַן ערשטער, אַן אָנפאַנגער פון ס'ניי — און מוז זיין אַ יורש און אַ פאָרטזעצער.

און „אגדת הברווז” איז די לעגענדע פון מענשען וואָס האָבען אמאָל געהאַט פליגלען, אָבער דער בויך האָט זיי פאַר־ראַטען. דער הונגער האָט זיי צעבראָכען.

דערפאַר האָט ער געוואַלטיגע הנאה פון אוועקשטעלען זיך, דעם יחיד, אַלס אַן אַנטיטעזע צו דעם כלל, אַלס אַניאַנדערען.

דאָס וואָרט „בוז” — פאַראַכטונג — איז אים זעהר ליב און ער וואַרפט עס ווי אַ שפּיז אין זיינע געגנער ביי יעדער געלעגענהייט. דאָס איז די כלי־זין פון זיין נקמה.

ווייל ער און זיי, דער יחיד און דער רבים, זיינען צוויי קעגנענגעזעצטע וועלטען.

ער פיהלט זיין אייגנאַרטיגקייט און העכערקייט: „איך האָב געזינדיגט צו די מענשען: כ'בין געבוירען אַ הויך־געשטאַל־טיגער”. און אַ צווייטען מאָל קלאַפּט ער זיך „על־חטא”: „איך האָב זיך פאַרזינדיגט מיט הויכקייט, איך האָב זיך פאַרזינדיגט מיט טיפקייט”. און אַ דריטען מאָל, רעדענדיג וועגען אַ בוים, זאָגט ער: „ער שטאַרבט, ער ווערט דערשטיקט אין דער וועלט־לופט ווי אַ לויתן וואָס איז אַרויסגעוואָרפען געוואָרען אויף דער טריקעניש”.

און כאָטש דער בוים ווערט דאָ, אויף אַ וואונדערבאַרען אופן, געמאָלט ווי דער היפך פונ'ם מענשען (דעם מענשענ'ס

פים זיינען אויף דער ערד און זיין קאָפּ איז אין דער הויך. דער בוים אָבער האַלט דעם קאָפּ אין דער ערד און זיינע צווייגען־פינגער שטרעקט ער אויס צום הימעל) — קאָן מען דאָס זאָגען אויך וועגען אַלמונ׳ן (דעם העלד פון דער פּאָעמע ד. ה. וועגען שניאור׳ן): ווי אַ לויתן איז ער פאַרוואָרפען געוואָרען אויף דער יבשה.

און זיי, די „יבשה־מענשען", וואָס מאַכען דאָס לעבען סטאַביל, זיינען די טיפסטע שונאים פונ׳ם איינצעלנעם, פונ׳ם אויסדערוועהלטען, פונ׳ם זוכענדען. זיי ווילען אָפּקיהלען דאָס פייער, זיי ווילען אויסלעשען דאָס ליכט.

זיי ציטערען פאַר יעדען נייעם געדאַנק, פאַר יעדען געוואַגטען שריט . . . אין יעדען פרואוו צו ענטפּלעקען, צו געפינען, זעהען זיי אַ לעסטערונג, אַ חילול השם.

דערפאַר האָט ער זיי פיינט, דערפאַר רעוואָלטירט ער אַקעגען זיי, לאַכט זיך אויס פון זיי און זייערע חלומות און צוזאַמען מיט׳ן רויטען מאנען־פאָלק (אין זיין פלאַמענדער פּאָעמע פּרגים) וואָס פלאַקערט פון תאווה און אויפשטאַנד, שרייט ער אויס: יחי הרע!

און אַפילו פון זייערע משיח׳ישע חלומות לאַכט ער (אין זיין פּאָעמע „והיה באחרית"). ווייל ווי קען דער וואָלף לעבען בשלום מיט׳ן שעפּס? ס׳זיינען דאָך די צוויי פיינדליכע עלעמענטען — פון באַזיגער און באַזיגטען, פאַרצוקער און פאַרצוקטען — וואָס האַלטען אויף דעם כח פון שטרעבען און קאַמף און די געגענזאַצען וואָס זיינען דאָס פעפערל פונ׳ם לעבען (פלפלת ההוויה).

ער איז דער פּאָעט פון יצר־הרע, וואָס מאַכט לעבעדיגער און פאַרביגער דאָס בעל־הבת׳ישע וועלטעל פון יצר־טוב. דאָס בילד פון משיח׳ס צייטען איז אַ זיס־נאַאיוו וויג־ליד פונ׳ם יצר טוב, אָבער ער ווייסט אַז ס׳וועט ניט זיין אַזוי. „כולו זכאי" איז אוממעגליך, ווייל „כולו זכאי" דאַרף מען ניט, טאָר

מען ניט וועלען. דאָס וועט זיין דער סוף פון׳ם גראַנגעל און דאָס הייסט: דער סוף פון לעבען.

און שניאור׳ס גאַנצער כח, און רייץ, ליגט אין דעם פאַר־וויקעלטען קוואַל פון קעגענזאַצען און עקסטרעמען. ביי אים האָבען מיר הונגער־דורשט און פאַר׳שכור׳טקייט, שנאה און ליבע, שטער־לוסט און בוי־גלוסט, פרוי און מאַן, נאַטור און מענש, שטן און גאָט, כפירה און גלויבען, שאָטען און ליכט.

און אין דער דאָזיגער שותפות, אָדער דואַליטעט, קומט תמיד פריהער דאָס נעגאַטיווע, דאָס שלעכטע, דאָס דעמאָנישע. ניט ליבע און שנאה, נאָר שנאה און ליבע. ניט גאָט און שטן, נאָר שטן און גאָט, ניט גלויבען און כפירה, נאָר כפירה און גלויבען, ניט ליכט און שאָטען, נאָר שאָטען און ליכט א. אז. וו.

זיין וועג איז פון׳ם ניין צום יאָ. פריהער די שנאה, פריהער דער שטן, פריהער דער שאָטען — נאָכדעם ערשט קומען ליבע, גאָט און ליכט.

אזוי זעהן מיר ווי דער פּאָעט פון הונגער און דורשט, וואָס האָט אָנגעהויבען פון צושטערונג און יוגענטליכען פּעסימיזם, האָט דערגרייכט צו אַ מדרגה פון לעבען־זאַטקייט און פאַר־שכור׳טקייט וואָס האָבען אים געבראַכט צום עקסטאַז פון בוי און גליק.

און אַזוי זעהן מיר, אַז דער פּאָעט פון שנאה און תאוה צו דעם שוואַכען, צו דעם ווייבליכען, צו דער פרוי, איז צום סוף דער פּאָעט פון ליבע און פאַרגעטערונג פון דער פרוי, דער אייביגער סוד און דער אייביגער קוואַל פון שיינקייט און בענק־שאַפט און ווילען צו שאַפען.

און אַזוי זעהן מיר אויך ווי דער פּאָעט־אפּיקורס, וואָס האָט געשטורעמט „על ד׳ ועל משיחו״ איז גאָר טיף־טיף, אין טיפעניש פון זיין וועזען, רעליגיעז און תפלה׳דיג.

ווייל זיי, זיינע שונאים, די רבים, וואָס פאַרשטעהען אים ניט, האַלטען פון שמות. און ער האַסט זיי. זיי שאַפען באַ־

גריפען פון פארשימעלטע הייליגקייטען. ער זוכט א לעבעדיגען גאט. זיי גרייטען זיך תמיד צו עפעס וואס דארף אמאל קומען— ער וויל דאס באגערטע באלד. זיי חלום'ען וועגען אן עולם־הבא, ער וויל פארוואנדלען דעם עולם־הבא אין עולם הזה. אלע ווארטען מיט זייער ליבע, מיט זייער גליק, מיט זייער פרייד — אויף ווען ווארט איר? פרעגט מיט אומגעדולד און צארן דער פאעט.

„אמאל איז געווען" — טרייסטען זיך און בארימען זיך די קליינע און איבערגעשראקענע מענשעלעך פון היינט מיט דער גבורה און תפארת פון אמאל.

און אויב דאס איז נאך קארג — טרייסט מען זיך ווייטער מיט דער צוקונפט וואס וועט זיין „באחרית הימים". אבער וואו זיינען מיר? און וואס איז מיט'ן היינט?

האט זיך דער כח פון שאפען אפגעטאן פון אונז? האט די ברכה פון גאט אונז פארלאזען?

האבען נאר אונזערע אבות געמעגט מאכען געזעצען און שאפען פארמען, אדער האבען נאר אונזערע קינדער און אייניקלעך דאס רעכט אויף גליק און גלויבען — און מיר זיינען עקרים?

און אין זיינע פילע גרויסע פאעמען „עם צלילי המנדולינה" ווי אין „על חוף הסינה", אין „והיה באחרית", ווי אין „משא דממה", אין „אנכי אנכי לא אסלח", ווי אין „תקופות", אין „משירי הגורל", ווי אין פילע לידער ערשיינט ער פאר אונז אין דעם גרויסען געשטאלט פון „כופר ומתגושש", פון א ניט־גלויביגען וואס ראנגעלט זיך ניט נאר מיט זיינע מיטמענשען נאר מיט גאט אליין — פאר די מענשען און פאר גאט.

ער איז א מענשען־„פיינד", וואס ווערט פארצערט פון ליבע צו זיינע ברידער, אבער ער קאן ניט צוזעהן זייער קליינליכקייט, זייער פחדנות און זייער שפלות. דערפאר שטראפט ער.

ער איז אן אפיקורס, וואס זוכט גאט אין יעדען טראפען

לעבען, אין יעדער טרער, אין יעדען שמערץ, אין יעדער סטיכיע פון דער נאַטור ווי אין יעדען גורל פון מענש, פאָלק און וועלט, אָבער ער קאָן ניט צוזעהן ווי מ'האָט דאָס גרויסע פייער אויס־געביטען אויף קליינע פונקעלאַך וואָס ווערען אויסגעלאָשען און פונ'ם לעבעדיגען, שאַפענדען גאָט האָט מען געמאַכט אַלטע שמות, וואָס ליגען באַהאַלטען אין אַן אָרון.

און אויב אין אַנדערע לידער „שעמט" ער זיך באַווייזען אין זיין גלויביגקייט און ווייכער לירישקייט, אין זיין תפילה'דיגען געמיט און אין זיין צאַרטער אונטערטעניגקייט צו גאָט — קומען אַזעלכע לידער ווי „תפילה" און „פזמון ערב" און „גשרים", ווי „שעת רפיון" און „אלי, אלי" און „חזיונות", און „תפילות לאדם" און „שיר הצער" און פילע אַנדערע אין „פרקי יער" און ווייזען אונז שניאור'ן דעם „זינדיגען" אין אַ גאַר אַנדער ליכט.

אָבער שניאור איז ניט קיין פּאָעט וואָס „שטורעמט אָפּ" און באַרוהיגט זיך, וואָס זוכט, געפינט און דאַנקט אָפּ, ווי איינער וואָס האָט שוין „דערגרייכט זיינס".

ווען דאָס וואָלט געווען אַזוי, וואָלט שניאור ניט געווען שניאור.

ער איז דער פּאָעט פון שפע, פון פיל־פאַרביגקייט און פיל־קלאַנגיגקייט, פון אומרוהיגקייט און זוכעניש.

ווען מען מאַכט אַ רשימה פון די טעמעס און ענינים אין זיינע לידער און פּאָעמען, ווען מען מעסט אויס דעם אינהאַלט און פאַרנעם, די זאַכען און ערשיינונגען פון זיין דיכטונג — זעהט מען ווי פאַרשיידענאַרטיג ער איז.

ווען מען מאַכט אַן אַנאַליז פון זיין שפּראַך — און די שפּראַך פון זיין דיכטונג איז העברעאיש — לויט איר ווערטער־שאַץ און איר קלאַנגען־ריטם, לויט איר אויסדרוקס־קראַפט און איר אינערליכער אַנדייטונגס־פעהיגקייט, לויט איר ממשות'דיגען פאַרמעגען און איר סוגעסטיווען כח — מוז מען קומען צום באַשלוס, אַז דאָ האָט מען צו טאָן מיט אַ מייסטער.

ער שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין זאַך און קיין זאַך קאָן אים ניט צווימען. ער איז דער אומרוהה וואָס דרינגט אַריין אומעטום. און ער איז ניט אַבסטראַקט. ער איז דער קאָנקרעט־סטער דיכטער אין דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור. ער זעהט זאַכען אין זייער פאַרקערפּערונג און שפּריצט מיט בלידער. און ער איז סקולפּטאָריש. די זאַכען וואָס ער מאָלט זיינען אַזוי לעבעדיג, צאַפּעלדיג, קערפּערליך, אַז איר קענט זיי „אָנטאַפּען".

דערפאַר איז אויך דער פילאָזאָפישער טייל פון זיין דיכטונג —און דאָס איז זעהר אַ וויכטיגער טייל אין איהר — לעבעדיג, בילדליך, איבערצייגענד. ער איז רייך אין מחשבה, אָבער די מחשבה זיינע איז פאַרקערפּערט אין געפיהל, אין בילד.

און אַז ער לאָזט זיך אַוועק אין די „משירי הגורל" צוזאַמען מיט דעם גאָלד־גרעבער אין די גאָלד־מינעס און מיט'ן פּערל־פישער אין דעם אָפּגרונד פון ים און מיט'ן גייסט־מענש אין די אומענדליכע וויטקייטען און טיפקייטען פון וועלט־לעבען — ווערט ער פאַרלוירען. גאָלד בלישטשעט אַרויס פון'ם ערשטען, פּערלען גלאַנצען פון'ם צווייטען, גרויסקייט און טראַגיק — פון'ם דריטען. און די ליידען פון'ם זוכען און דער פּיין פון'ם יחיד וואָס טרעט אויס אַ וועג אין טיפעניש פון דער ערד צי אין טיפעניש פון ים, צי אין טיפעניש פון גייסט — זיי מאַכען דעם סוד פון לעבען נעהענטער צו אונז און אונז וואַכזאַמער.

און אַזוי איז אַפילו אין „בהרים" — אין די בערג, דאָרט וואו אַלעס איז אַזוי הויך און אויסגעלייטערט און נעהענטער צו גאָט. דאָרט וואו ס'איז שוין דאָ מעהר אַבסטראַקציע און וועני־גער ערדישקייט. דאָרט וואו ס'איז אויך אים שווער די לופט, און וואו אַלעס ווערט פאַרפלאָנטערט אין אַ כישוף־געוועב פון אמת און שקר, פון לעבען און טויט, פון זיין און ניט־זיין — אַפילו דאָרט געדענקט ער זיך און אונז און ער געהט ניט פאַרלאָרען.

ווייל ער איז דער פּאָעט פון אַ וועלט אַ בוגרת, אַן ערוואַק־

סענע, וואָס שטעהט, ווי אַ פעלד, באַדעקט ניט מיט גאָלדענע זאַנגען, נאָר מיט גאָלד פון גאונים — עם קמת־גאונים המוזהבה — מיט אַ רייפער זון — דער עפּעל פון פייער און שכל — (תפוח אש ושכל), דאָס איז די וועלט פון צאָרן און פון . . . חכמה, פון שעפּטשען אויפ׳ן שוועל פון גרויסע אַנטדעקונגען אָדער אויפ׳ן שוועל פון אָפּגרונד, פון דער ברענענדיגער כפירה אויפ׳ן עק פון הימעל און דעם אונטערגאַנג פון מענשען, וואָס איז זאַט פון נצחונות און הונגעריג פון אומבאַזיגטער פרויען־ליבע.

אָט דאָס איז די קרוין אויף זיין זילבערנעם קאָפּ. און—

הלואי תראוני ככה מעפיל ונשרף
בסולם אלהים!

(הלואי זאָלט איר מיך זעהן אַזוי אַרויפשטייגען און פאַרברענט ווערען אויף גאָט׳ס לייטער!)

און אויף דעם דאָזיגען אונענדליכען און ברענענדיגען לייטער, וואָס יעדער שטאַפּעל זיינער איז אַן אַנדער מדרגה — פון זינד, פרוי, ליבע, וועלט און גאָט — געהט און שטייגט דער דורשטי־גער און פאַר׳שכור׳טער, זינדיגער און גאָט־זוכענדער, האַסענ־דער און ליבענדער, מענליכער און „פרוי׳אישער״, שטורמדיגער און בעטענדער פּאָעט — שניאור.

# יעקב פיכמאַן

## א.

א דאָפּעלטע מתנה האָט יעקב פיכמאַן געגעבען דער העב־רעאישער ליטעראַטור.

מיט איין האַנט האָט ער איר געגעבען זיין צאַרטע און איידעלע ליריק, און מיט דער צווייטער—זיין דורכזיכטיגע און ראַפינירטע פּראָזע.

אָבער אַז מען קוקט אריין טיפער, זעט מען, אַז די דאָזיגעביידע אויסדרוקס־פאָרמען זיינען אין גרונט, איינס. ביידע זיי־נען פארשוועסטערט און ציען זייער יניקה פון איין שורש. אין ביידע שפּיגעלט זיך אָפּ די געשטאַלט פון א שאַרף־זעהענדיגען דיכטער און מעלאַדיש־זינגענדיגען קריטיקער.

און אין אזא געלונגענעם זיווג איז דאָ א סך מזל־ברכה.

עס זיינען פאַראַן גרויסע פּאָעטען, וואָס ניט נאָר איז זיי שווער צו דערקענען אין זייער פּראָזע, נאָר זיי פארלירען אין איר זייער קראַפט, זיי ווערען ווי איינגעשרומפּען (און מען דאַרף דאָך ניט צוגעבען, אַז פּראָזאאיקער זיינען, בדרך כלל, אומבאַ־האָלפען אין פּאָעזיע—דאָס איז דאָך אַן אַלגעמיינע דערשיינונג!).

אָבער פיכמאַן איז פון די ווייניגע, וואָס זיין קינסטלעריש מזל שפּילט אים צו און פירט אים ביי די רואיגע וואַסערען פון

ביידע וועלטען, פּאָעזיע און פּראָזע. אין זיין פּראָזע, באַזונדערס אין זיין קריטיק, געפינען מיר שטענדיג די „נשמה יתרה" פון פּאָעזיע, וועלכע דערהויבט זי צו אַ העכערער ספערע און פילט זי אָן מיט אַ העכערען יום־טוב'דיגען גייסט.

ער האָט פיל בייגעטראָגען צו פאַראיידעלען און לייטערן די מאָדערנע העברעאישע פּראָזע. ער האָט אין איר אַריינגעטראָגען אַן אינערליכע מעלאָדישקייט, אַן אומהויפּערליכע מוזיקאַלישקייט. ער האָט בונטער געמאַכט אירע פאַרבען און פאַרטיפט אירע שאָטענס. זיינע אַן עסעי אָדער אַ קריטישע אַרבעט ווערען געלייענט מיט דעמזעלבען ריטם און מיט דער זעלבער נאָגונג, ווי איינע פון זיינע לידער אָדער פּאָעמען.

ער האָט אַ פּערל־פּאָעמע, „רות", וועלכע שעמערירט פון שיינקייט, אָבער דידאָזיגע תנ"ך־געשטאַלט איז ניט די איינציגע וואָס האָט אים געפאַנגען און געפונען איר תיקון אין זיין ליד. ביי איר זייט, און צוזאַמען מיט די אַנדערע ביבלישע געשטאַלטען, וואָס פון זיי האָט ער אויסגעפורעמט זיינע דריי היסטאָרישע פּאָעמעס — „אבל דוד", „יואב" און „שמשון בעזה" — הויבען זיך אַרויס פון זיינע עסעים די געשטאַלטען פון „איוב", „קוהלת" און „שיר השירים". אין די צוויי ערשטע עסעים — „איוב" און „קוהלת" — געפינען מיר אַלע טייערע אייגענשאַפטען פון זיין פּאָעזיע: נשמה־צאַרטקייט, סובטילע באַאָבאַכטונג און אַן אויסדרוק־מייסטערשאַפט, וואָס פירען אונז צו די פאַרבאָרגענע ווענען פון פּאָעזיע. עס פעלען בלויז די „נקודות", וואָס באַצירען געוויינליך דאָס העברעאישע ליד.

אָבער פון דעם טאָר מען ניט דרינגען, אַז עס איז ביי אים ניטאָ קיין אונטערשיד צווישען די צוויי אויסדרוק־פאָרמען. ווען עס וואָלט טאַקע געווען אַזוי, וואָלט ער זיך ניט באַנוצט מיטביידע פאָרמען, וואָלט דער דיכטער געבליבען „בלויז" אַ דיכטער —און ניט מער.

**אָבער די דאָזיגע פּראָזע, וואָס קומט צו הילף דער פּאָעזיע,**

האָט אויך איר אייגענעם זעלבסטשטענדיגען ווערט. עס איז פאַראַן אַ לאָגיק און אַ מוז אין איר עצם וועזען, וואָס איז אַזוי גרונט־פאַרשידען פון דעם וועזען פון פּאָעזיע. און ניט קוקענדיג אויף דער משפּחה־קרובה'שאַפט צווישען דידאָזיגע צוויי שוועסטערליכע אויסדרוקס־פאָרמען, פילט מען און מערקט מען די זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג פון יעדער איינער פון זיי.

פיכמאַנ'ס כח אַלס דיכטער ליגט אין זיינע קורצע לירישע לידער. זיי פלאַטערען ווי זאַנגען־שטיינגלאַך (אַ באַליבטע געשטאַלט ביי אים—זיין ערשטע לידער־זאַמלונג הייסט „גבעולים") אין דעם גאָלדענעם פעלד פון זיין דיכטונג. עס איז גענוג צו זעהן זייער איידעלע דינקייט. זייער פאַמעלאַכדיגע און צאַרטע באַוועגונג ציטערט אויף דאָס הארץ פון דיכטער און אויך פון לייענער. די לייַנע פון שטיינגעל מאַכט אַזוי רעליף־בולט די שיינקייט פון דער לאַנדשאַפט. דער שאָטען אַליין, דער צויבערליכער שאָטען וואָס פאַלט אויפ'ן פעלד, גיט אונז דאָס געפיל פון מיסטעריעזעם אין נאַטור, דער פאַרבייפליענדיגער שמעטערלינג דערוועקט אין אים אַן אומעט אין וועלכען די נשמה פאַרגייט זיך.

פאַר אַ אַ ליד איז גענוג איין קרישטאָל־טראָפּען.

אָבער די פּראָזע האָט אירע איינגע לעבענס־געזעצען. זי נויטיגט זיך אין אַ ברייטען אָטעם. אירע ראַמען זיינען ניט קיין באַגרענעצטע. דערפאַר איז אין איר רשות פאַראַן מער פרייהייט.

מער פרייהייט, אָבער דערפאַר איז אין איר אויך גרעסער דער יאָך. ווייל איר סטרוקטור איז מער קאָמפּליצירט ווי די סטרוקטור פון אַ ליד. זי פאָדערט אַן אַנדער שטימונג און אַנאַנדער אָנשטריינגונג. זי פאָדערט אַ מייסטער־האַנט, אַרכיטעקטאַנישע בריה'שקייט.

דידאָזיגע אייגענשאַפט האָט ער אַמשטאַרקסטען אַרויסגעוויזען אין זיינע עסעים.

אין די גרעסערע פּאָעטישע זאַכען זיינע האָט ער איין „רות". אין פּראָזע אָבער האָט ער פיל מער. ווייל — אין פּאָעזיע קומט זיין קראַפט צום אויסדרוק אין קליינע זאַכען, און אין פּראָזע — אין גרויסע.

און נאָך אַ שטריך:

אין פּאָעזיע געלינגען אים אַמבאַסטען לאַנדשאַפט־בילדער, פּייזאַזשען, אינערליכע וויזיעס. עס זיינען אין זיינע לידער ניטאָ קיין מענשען און קיין געשעענישען. עס איז כמעט ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר'ן מיטמענש. דעם דיכטער'ס נשמה זינגט אַרויס פון די נעפּלען פון דער אומבאַקאַנטער, פאַר'חלום'טער ווירק־ליכקייט. עס איז דאָ לאַנדשאַפט. עס איז דאָ ווייסקייט. און עס איז דאָ טרויער. און אין זיי איז פאַרוועבט די זיידען־צאַרטע דיכטונג פון דעם יחיד.

אין זיין פּראָזע — און דערמיט מיינען מיר זיין קריטיק — שפּירען מיר דעם ווילען אַריינצודרינגען אין דער נשמה פון מיטמענש, צו דערשפּירען דאָס האַרץ־קלאַפּען פון דעם נאָענטען־אין־גייסט, און אים צו אַנטפּלעקען דאָס וואָס ער זוכט אין מענשען, דעם צענטער פון דער וועלט.

און אויב אַפילו דאָ דערשפּירען מיר דעם פּיכמאַנ'ישען יסוד; און אויב אַפילו דאָ ווערען האַרטע מענשען ווייכער (וואָרים אַ צאַרטער דיכטער־קריטיקער זעהט זיי מיט זיינע אויגען און ווייזט זיי אונז אַזוי ווי ער האָט זיי געזעהן), פאַרשטייען מיר גלייך, אַז דאָס איז ניט מער ווי נאַטירליך. אָבער מיר זעען און פילען אויך, אַז דער קריטיקער שטרענגט זיך אָן אַריינצוקוקען אין אַנאַנדער נשמה.

אין זיינע קריטישע אַרבעטען זוכט ער שטענדיג די קראַפט און דעם סוד פון דער שאַפענדער פּערזענליכקייט. סאָציאַלע מאָטיווען אינטערעסירען אים ניט. סביבה־פאַקטאָרען גייען אים ניט אָן. זיי „געהערען ניט צום ענין". ער זוכט דאָס אינוויי־ניגסטע פּינטעלע, די אין דער נשמה־פאַרבאָרגענע מאָטיוון,

די אינדיווידועלע מעלאָדיעס. אים אינטערעסירט הויפּטזעכליך דאָס וואָס עס שיידט אָב דעם יחיד פון דער געזעלשאַפט, און ניט דאָס וואָס פאַראייניגט זיי.

אין זיין פּאָעזיע באַהעפט ער זיך אָן דער וועלט דורך דער לאַנדשאַפט. אין זיין פּראָזע באַהעפט ער זיך אָן מענשען דורך דער נשמה.

ב.

פיכמאַן איז דער דיכטער פון לאַנדשאַפט.

אין זיין הקדמה צו זיין לידער־זאַמלונג „ימי־שמש" („זוניגע טעג") זאָגט ער: „די לאַנדשאַפט איז פאַר מיר שטענדיג געווען דער קערן און דער יסוד פון דער וועלט". אָבער — האָט ער עס דען געדאַרפט אונז זאָגען? פיכמאַן איז אַן אָפּענהאַרציגער פּאָעט—און מיר ווייסען דאָס אַליין שוין פון לאַנג.

זיין גאַנצער בוך „צללים על שדות" („שאָטנס אויף פעלדער") — וועלכער איז אַרויסגעוואַקסען פון די „גבעולים" („שטיינגלאָך") איז אָנגעפילט מיט שיינקייט און טרויער פון דער לאַנדשאַפט. און ניט נאָר דאָס דאָזיגע בוך. אויך פון „ימי־שמש" און אַ טייל פון זיינע פּראָזע־זאַכען (באַזונדערס פון „מראות") קוקט אַרויס צו אונז די לאַנדשאַפט.

ווי זעט זי אויס, די דאָזיגע לאַנדשאַפט, אין פיכמאַנ'ס דיכטונג?

אָט איז זי — אין זיין שפּראַך און מיט זיין מעלאָדיע:

כה קסם לי תנוף הרך, הסתוי,
וילבן בגעגועיו על לבבי,
וכמו פרפרים נוגים עלים תעו
ויגון קם ולב לא ידע מה הוא.

(אזוי האָט מיך באַצויבערט די צאַרטע, האַרבסטיגע לאַנדשאַפט און האָט מיט בענקשאַפט ווייס געבלאַנקט אויף מיין האַרצען, און אַזוי ווי אומעטיגע שמעטערלינגען האָבען געוואַנדערט

די בלעטער; טרויער איז געקומען און ס'האַרץ ט'אים ניט פאַרשטאַנען).

אין דער דאָזיגער סטראָפע, וועלכע איז פּיכמאַניש פון אָנהויב ביז'ן סוף, געפינען מיר אַלע עלעמענטען פון זיין לאַנד־שאַפט — „צויבער", „צאַרט", „האַרבסטיג", „ווייסקייט", „ביינק־שאַפט", „אומעטיגע שמעטערלינגען", „בלעטער האָבן געוואַנ־דערט" — און „טרויער איז געקומען און ס'האַרץ ט'אים ניט פאַרשטאַנען".

פון די מענשליכע סענטימענטען שטעלט אים אַמטיפסטן צופרידען — די ווייכקייט.

פון די יאָר־תקופות קליבט ער אויס — דעם האַרבסט, און מיט אים זיין באַגלייטער — דעם ווינטער.

פון די קאָלירען — ווייס, און זיין חבר — בלוי.

פון די שטימונגען — טרויער און ביינקשאַפט.

פון די קולות — שטילקייט און שווייגען.

פון די געפליגלטע באַשעפענישען — פייגלען און שמע־טערלינגען.

און אויב דאָס איז נאָך ניט גענוג, לאָמיר אַ בלעטער טאָן אין זיינע ביכער, און עס וועלען פון זיי, ווי טויבען פון זייערע נעסטען, אַרויספליען אַזעלכע אויסדרוקען און וואָרט־קאָמבינאַ־ציעס, ווי: נעפּלען פון אומבאַקאַנטען, צויבער־שאָטענס, לבנה־זעאונג, טיפע נאַכט־חופּה, דערוואַרטונג, גנאָד און צערט־ליכקייט (חנינה), פאַרשמאַכטקייט (כלות־הנפש), וואונדער־רע־טעניש, קילער, אומעטיגער אָווענט־ווינט, ליכט־פלעקען, פרויען־לוסט און שיינקייט (חמדת־נשים) באַהאַלטענע פרייד, אומעטיגע פּראַכט (תפארת עגומה), זאַנגען, שטיינגלאָך, דער אומעט פון וויינענדיגע סטעפּען, קרישטאָל־טראָפּענס, „מיין נשמה איז ווי אַ בוים, וואָס די פויגלען האָבן אים פאַרלאָזען", לויטער־שטילע פעלדער, זילבערנער געזאַנג, נעצן פון דערשטויינטען ליכט, וויי־

סער טרויער, בלאַסיגער טומאַן און „אַ לויטערער פרימאָרגען טריפט מיר ישועה־גאָלד".

דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל פון דעם אוצר פון פאַרבען און קלאַנגען פון פיכמאַנ'ס פּאָעזיע — אָבער עס איז גענוג אונז אַריינצופירען אין זיין וועלט, אונז געבען אַ באַגריף פון זיין גרונט־געפיל און אונז אָנשטעקען מיט זיין לעבענס־אויפפאַסונג.

ער האָט ליב דאָס אומפאַרווירקליכטע און דאָס אומפאַרווירקליכבאַרע, דאָס אומבאַגרייפבאַרע און דאָס אומפאַרגליווערטע.

זיין מאַטעריאַל איז אינגאַנצען אַ פּאָעטישער — אין אַנאַנדער האַנט וואָלט ער אודאי צוקראָכען געוואָרען און וואָלט פאַרשוואונדען. אָבער פיכמאַן איז געשאַפען געוואָרען פאַר אַזאַ מין דיכטונג און זיין שפּראַך דריקט אוים מיט האַרמאָניע און פולקאָמענהייט דעם וועזען פון דעמדאָזיגען מאַטעריאַל.

עמיצער האָט אים אַמאָל באַשולדיגט אין מאָנאָטאָנישקייט. פון אויבענאויף האָט זיך אַזאַ „באַשולדיגונג" אויף וואָס צו שטיצען. אָבער בלויז פון אויבענאויף. וואָרים, אויב עס איז אמת, אַז זיין גרונט־טאָן איז אַן איינהייטלאַכער, איז ניט אמת, אַז ער חזר'ט אים איבער און מאַכט אים מאָנאָטאָן. אדרבה, מיך וואונדערט אָפטמאָל, ווי אַזוי קען מען אַזויפיל מחדש זיין אין אַזאַ רואיקער און סטאַטישער וועלט. פילע לידער זיינע טראָגען כמעט דעמזעלבען נאָמען („זומער־ברכה", „זומער־נאַכט", „לעצטער זומער שטורם" — זומער דאָ און זומער דאָרט. אָדער, „אָנהויב־האַרבסט" און „האַרבסט" „אלול" — אויך האַרבסט — און „זינגענדיגער האַרבסט", און אַזוי אויך „ווינטערדיגער אָוונט", „ווינטער־רייזע", „ווינטער" און „ביינאַכט איז אַ שניי געפאַלען" — אויך ווינטער — און „סוף־ווינטער" און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער) און פונדעסטוועגען איז אין יעדען ליד פאַראַן אַ ניי געפיל און אַ נייער ציטער. און אַזוי איז ניי יעדער זומער־שטורעם און ניי און פריש יעדער שניי.

אַ גרויסען חלק אין דעם האָט, פאַרשטייט זיך, די שפּראַך,

וועלכע איז אים טריי ניט וויניגער ווי ער איר, און זי, די שפראך זיינע, אנטפלעקט מיט אירע דינע און פיינסטע נואנסען עטוואס נייעס אין יעדען נייעם ליד אויף דערזעלבער טעמע. אבער דאס איז ניט בלויז דער כח פון שפראך. דער עיקר קומט אין זיין ליריק צום אויסדרוק די דירעקטע און דינע „אויפ־נאמע" פון דער לאנדשאפט־שטימונג, אין וועלכער עס אנטפלעקט זיך דעם דיכטער'ס נשמה. די לאנדשאפט איז פאר אים — „דער קערן פון דער וועלט". און וואס איז די פונקציע פון דעם־דאזיגען קערן? פון אים וואקסען ארויס בלומען און פרוכט און זיי ווארפען ווייטער קערנדלאך, פון וועלכע עס וואקסען נייע בוימער און נייע פרוכט. און אזוי ווייטער. וואס איז דער זין פון דער דאזיגער ווידערהאלונג? דאס איז דער וועג פון וואקסען און בליאונג! דאס איז דער וועג פון נאטור און לעבען!

און ער, וועלכער אנטלויפט פון דעם גענעראליזאציע־מע־טאד פון אן אינטעלעקטועלער ווארט־פאעזיע, בארואיגט זיין נשמה מיט די „פכים קטנים" פון לעבען. און אט אזוי פלעכט ער אוים זיין קראנץ פון מינוטען און סעקונדען.

## ג.

פון אלע לאנדשאפט־געשטאלטען, וועלכע האבען פארכאפט זיין דיכטערישע פאנטאזיע און אין וועלכע זיין ליד האט זיך ארייננעוועבט, איז אים די ליבסטע דער שטיינגעל (זיין אנפאנג איז: „גבעולים") און אפילו יארען שפעטער, ווען ער איז אויס־געוואקסען און רייף געווארען, ווען שאטענס האבען זיך שוין גענומען שפרייטען אויף זיינע פעלדער („צללים על השדות", ווי זיין נייער בוך הייסט) זעען מיר נאך אלץ ווי דער הויכער און דינער שטיינגעל פלאטערט קומעריג און צארט־פארבייגקט אין די גאלדענע פעלדער פון זיין ליד. און אזוי שעפטשען זיינע ליפען און זיין „תפילת־הלב" (הארץ־תפילה):

שמרני! רק גבעול חרד גם אני
בודד פה והפקר כה לכל רוח,
מכובד חלומות ראשי שחות
וכשיח ליל יתרפק על הארץ

(היט מיך אָפּ! איך בין דאָך בלויז אַ ציטערדיגער שטיינגעל, איינזאַם־עלענד בין איך אַזוי הפקר צו יעדען ווינט, פון דער שווערקייט פון חלומות איז מיין קאָפּ געבויגען און ווי אַ נאַכטיג קוסטעל טוליעט ער זיך צו דער ערד).

דער שטיינגעל באַהערשט זיין פעלד. אָבער דער דאָזיגער געפיל זיינער, וואָס זוכט און געפינט אַ תיקון אין שטיינגעל, קען ניט זאַט ווערען. און ער זוכט רו פאַר זיין נשמה אויך אין „דעם צאַרטען זון־געשלאָגענעם פלאַנץ" און אין „טויאיגע גראָזען" און „טוליענדיגען קוסט" און אין „רוענדיגע וואַסער כוואַליעס" — ביז ער קניט „ווי אַ זאַנג אונטער זיין גליק".

וואָרים צוזאַמען מיט'ן „שטיינגעל"־געפיל קומט דאָס געפיל פון רו און הכנעה.

זיין פולקאָמענסטע און אויסגערונדעטסטע לידער זיינען די אין וועלכע ער גיט די צווישן־מינוטן, צווישן טאָג און נאַכט, צווישען פינסטערניש און ליכט, צווישען שטורעם און שטילקייט. יענע מינוטען, ווען עס דוכט זיך, אַז די וועלט שטעלט זיך איינגאַנצען אָפּ און פאַרקוקט זיך פאַר'חידוש'ט אויף זיך אליין. דעמאָלט קומט די שעה פון פאַרוואונדערונג, די טיפסטע צאַרטסטע צויבער־שעה און „די ערד ווערט בטל און ווי ניט געוועזן . . . בלויז אַ ווייסער פאַרהאַנג, איינגעטונקט אין ווייכען שיין".

דעמאָלט זעען מיר אין מיטען הימעל „ווייסע, צאַרטע וואָלקען־קאַראַוואַנען" וועלכע הייגגען ווי „לויטערע שניי־בערגלאַך נאָך אַ שטורעם". קיינער ווייס ניט „פון וואַנען און וואוהין", אָבער מיר זעען יאָ ווי „זיי פאַרטיפען זיך אין זיך,

לויכטען פאר זיך" און „זאפּען איין מיט דורשט די פלאַמענדיגע ליכט". אזוי זעען אויס פּרימאַרגען און בייטאָג.

און ביינאַכט וועלען וועלקענדע גרעזלאַך פּאַרטיפען זייער בשמים־שמעק און לוסטיגע שטערן וועלען פלאַטערען צווישען די וואָלקענס. דער דיכטער, געטראָגען אויף פאַרבאָרגענע פליגעלען, גייט מיט דער נאַכט. ער גייט מיט איר טריט ביי טריט. ער קען זיך אַרויסרייסען פון דער נאַכטיגער וועלט און שפּאַנען ביי איר זייט. אָבער ער קען אויך שטיין לעבען דער וועלט, אָהן פאַרלאַנגען. ווען „טייכען שטייען פאַרגליווערטע און די וועלט איז געפּאַנגען אין איר אייגענער שטילקייט", קען ער זיך אַרויסרייסען און שטיין פון דער זייט. ווי אַ בעאָבאַכטער, וועלכער איז נתעלה געוואָרען. און ביינאַכט הויבט ער ניט די אויגען צום הימעל, נאָר זיינע האָר „שפּירען דאָס לויפען פון וואָלקען" און אין דער שעה פון „חצות" טוליען די רואיגע נאַכט־גראָזען זייערע קעפּלאַך איינער צום אַנדערען און דרעמלען איין מיט דער האַנט אונטער דער באַק.

במיצר שדה כרע הלך עיף
וסוס באחו ירים ראש תמה.

(ערגיץ וואו אין פעלד קניט אַ וואַנדערער אַ מידער און אויף ערד און לאַנקע הויבט פאַרוואונדערט אויף זיין קאָפּ).

„דעמאָלט הויבט עמיצער אויף זיין האַנט אויף דער וועלט און אַלץ ווערט פאַרפרוירען און אומבאַוועגליך". און „אַן אויסטערליש וואונדער־ליכט — — — הייננט איבער דער פאַרטונקעלטער ערד".

וואָס איז דער כח וואָס באַוועגט אים?

די שטילקייט: „זי איז אַזוי וואונדערליך, זי האָט מיין נשמה אַזוי באַוועגט".

אין איין ליד איז אים זיס צו טראַכטען: „דאָס איז דער וועלט'ס גרעניץ, און ווייטער איז ניטאָ וואוהין צו וואַגלען".

און ער זינגט וועגען אווענט ווינט, וואָס באַרואיגט, און ער בעט אים:

רוח ערב, טובת יד
עמדי פה ושלי מעט!
נח כל שיח, נח כל נוף,
נח כלי-שיט כבר בחוף!

(אָווענט־ווינט, אַ גוטער ווינט, פאַרבלייב אַט דאָ און רו אַ ביסעל! עס רוט יעדער קוסט, און יעדע לאַנדשאַפט, עס רוט דאָס שיפעל אין דעם האַפען).

דאַרף מען זיך וואונדערען וואָס זיין באַליבטסטער נשמה־באַפעל איז „שלה!" („רו!") ?

און אַפילו נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל („דו ביסט מיר, מיין לאַנד, די לאַנדשאַפט פון ים און שטילקייט און זון") און אַפילו ווען ער שפּאַנט אויף איר באָדען אין דער „רויטקייט פון טאָג", רופט ער און וואָרענט ער: „נאָר לאָמיר ניין פאַרזיכטיגע און שווייגענדיגע!" און „לאָמיר ניט צוטרעטען אירע צאַרטע קווייטען". און „ניין. איך האָב ניט געוואָלט הויך אויפהויבען מיין קול".

אקשיב רק לבלוב השפלת הכחולה,
שלווה היא דרכי ולבנה היא כולה.

(„איך וועל זיך צוהערען צום בליען פון דער בלויער שפלה, שטיל איז מיין וועג און דורכאויס איז ער ווייס").

ד.

זיין וועג איז רוהיג און ווייס.

די רוהיגקייט זעען מיר און פילען אין אַלע זיינע לידער. און אין דער דאָזיגער שלווה איז דאָ הכנעה פאַר'ן שיקזאַל.

אין „לפני סער" („פאַר'ן שטורעם") האָט נאָך דער שטורעם ניט אויסגעבראָכען. בלויז די גראָזען האָבען אויפגע־

ציטערט, בלויז וואָלקען־שאָטענס האָבען פאַרבייגעשוועבט. אָבער די וועלט איז גלייך געבליבען ליגען „אונטער א שאָטען — און האָט זיך אונטערגעגעבען". און אין „תשרי": „אונטערגעגעביג האָט די וועלט מקבל געווען איר גזר־דין". און נאָך איידער דער צייכען איז געגעבען געוואָרען, בעת „די ווינטען זאמען זיך נאָך אין דער ווייטענס און איין וואָלקען טראָגט נאָך ניט קיין בייז אויפ'ן צווייטען", האָט זיך שוין די ערד אויסגעצויגען „אינגאַנצען א רוהיגע און אונטערגעביגע".

עפּיס א באַזונדערען תענוג געפינט פיכמאַנ'ס וועלט אין רו און הכנעה.

און ניט נאָר די וועלט. אויך זיין קערן, די לאַנדשאַפט, און די נשמה פון דער לאַנדשאַפט, דעם דיכטער'ס נשמה, איז אַזוי. ער איז אויך הכנעה'דיג מקבל דאָס שלעכטע אַזוי ווי דאָס גוטע. און אַפילו דעמאָלט ווען זיין גליק גליט אויף איבער זיין קאָפּ, ווי א לוסטיגער שטערן, זינגט דער דיכטער:

הרכנתי את הראש לפניו: בואה!
ולנפשי התפללתי חרש: ברכי!

(איך האָב מיין קאָפּ פאַר אים געבויגען: קום! און צו מיין זעל האָב איך שטיל געדאַווענט: בענש!).

קענען דען זיין מער פּאַסענדע פאַרבען פאַר דערדאָזיגער רו און דעמדאָזיגען הכנעה־באַגער — ווי ווייס און בלוי?

און דאָס זיינען טאַקע די פאַרבען פון פיכמאַנ'ס דיכטונג.

ווי דער „קאָרן־קוויט אין דער ווייסקייט פון זאַנגען־פעלד", אַזוי בלוי איז די געשטאַלט פון רות, וואָס אין איר געשטאַלט האָט פיכמאַן קאָנדענסירט דאָס שענסטע און צאַרטעסטע אין זיין פּאָעזיע.

און וואָס בליט אויף זיין לעבענס־שטעג? א ווייסער, צאַרטער און אויסטערלישער קוויט.

און ער ווייס דעם שורש פון דער דאָזיגער ווייסקייט:

„דאָס איז דער וועלט־צער, וועלכער איז געוואָרען אַ באַרואיגענ־דיגער וויזיע־געזאַנג. דאָס איז די ווייסקייט פון דעם פאַרבלי־בענעם, וואָס האָט אויפגעבליט ווי אַ קוויט, אויפ'ן פּלאַץ פון פאַרוואַגעלטען גליק".

דאָס איז דאָס געזאַנג פון זיין נשמה.

טרויער אנשטאָט פרייד און ווייסקייט אנשטאט גליק.

און דורך דערדאָזיגער ווייסקייט, אין וועלכער עס זיינען אריינגעוועבט בלויע פעדים, זעט ער אַלעם — זיך אַליין, די וועלט, די ליבע, און די זעאונג פון זיין הארצען.

ביני ובינך שקטת תבל כארץ-בתולה
ולובן-עד יפרת, כציץ-אלהים בגבולת.

(„צווישען מיר און דיר האָט גערוט די וועלט, ווי אַ יונג־פרוי־לאַנד, און אייביג ווייסקייט בליט, ווי גאָט'ס קוויטען, אין איר").

דער הארבסט זינגט אים אַ „ווייס ליד" און דער מאַנדעל־בוים קוקט אויף אים אין זיין שנייאיגער ווייסקייט, ווי אַ „ווייסע מחשבה". דורך די ווייסינקע וואָלקען־בערגלאַך גנב'ענען זיך דורך בלויע שאָטענס. אין פרילינג זעט ער ווייס־בלויע בלומען. אין „עמק הירדן" פילט ער די „ווייסע היץ" און אויף רחל'ס קבר „וואָס בלאַנקט ווייס, ווי אַ לויטערער מזבח", נידערט אַראָפּ אַ טויאיגע און בלוי־שטערנדיגע נאַכט פון גנאָד. און זיין גאַנץ לעבען באַגלייט „דער שאָטען פון ווייסען גליק".

די דאָזיגע ווייסקייט, וואָס איז דורכגעשפּרינקעלט מיט בלוי, שפּיגעלט זיך אָפּ אין אַלע זיינע לידער, אפילו ווען ער דערמאָנט זי ניט ביים נאָמען. זי קוועלט אַרויס פון דעם אינערליכען מורמעל, זי ווערט צונויפגעגאָסען אין דער טיפער הארמאָניע און ווערט באַהעפט מיט זיין נשמה־דיכטונג. זי איז איר וועזען, און זי איז — איר קאָליר.

## ה.

צום דאַזיגען ווייכען און צאַרטען קאַליר פּאַסט זיך דער צאַר־טער טרויער, מיט וועלכען פּיכמאַנ׳ס ליד איז דורכגעדרונגען.

ער ווייסט ניט פון קיין גרעסערען פאַרגעניגען ווי דער . . . טרויער. און ס׳איז כמעט ניטאָ קיין ליד ביי אים, אין וועלכען עס זאָל ניט ציטערען די סטרונע פון טרויער. נאָך אין יאָר תרס״א, דעם ערשטען יאָר פון זיין שאַפען, זינגט ער שוין וועגען דעם טרויער, ווי וועגען דער איינציגער פולער לעבענס־כוס. ער רופט דעם קוואַל פון זיין טרויער, ער זאָל זינגען און מאַכען בליען זיין ערד. „און אויב דער ברודער איז גע־שטאָרבען און אויב דער פריינט האָט דיך פאַראַטען — בלייבט דיין שפע ווי געוועזן״ און ער באַרוהיגט זיך ניט ביז וואַנען ער רופט דעם טרויער „די טייערע וועלט־רויז״.

און דידאַזיגע רויז בליט אויף אַלע זיינע וועגען און שטעגען. זי פילט זיין נשמה אָן מיט געזאַנג און זיין האַרץ — מיט גליק.

וויל פילע מינים גליק זיינען דאָ באַ פּאָעטען.

איינער האָט ליב דאָס לעבען סתם אַזוי, אָן איבעריגע פירושים. ער האָט ליב און ער געניסט. ער זינגט און ער יובעלט. ער בליט מיט׳ן פרילינג און רייפט מיט׳ן זומער. עס פאַרשאַפט אים גליק צו שפירען זיין אייגענע קראַפט. ער רייסט בערג און טרינקט ליכט, פיל ליכט. פון פרימאָרגען ביז פרימאָר־גען לעבט ער און הוליעט. אַלע פאַרבען שפילען זיך אין זיין לעבען און דיכטונג. זיין גליק איז אין זיין גליק.

אַ צווייטער דיכטער האָט ליב ליידענשאַפט און בלוט. קאַמף און שטורעם. זינד און שטראָף. אַזאַ פּאָעט קלייבט זיך אויס די רויטע פאַרב און די שטאַרקע האַנט. אויפשטייג און אַראָפּפאַל. זיין גליק איז אין זיין אומגליק.

און אַ דריטער דיכטער איז פאַרצווייפעלט. ער זעט שוואַרצקייט און שלעכטס. די זון האָט זיך פאַרבאָרגען, און די ליבע האָט אים ניט באַפרוכפּערט. ניטאָ קיין פריינט און ניטאָ קיין געליבטע. אָן מאָרגען און אָן האָפנונג. אָט דעם דיכטער׳ס פאַרב איז די שוואַרצע און זיין אומגליק איז— אין זיין אומגליק.

אָבער דאָס זיינען נאָך ניט אַלע מינים דיכטער־גליק.

עס איז פאַראַן אַ דיכטער, וועלכער איז ניט קיין קראַפט־מענש און ניט קיין העזה־מענש. ער רייסט ניט קיין בערג און ער קוועלט ניט פון פרייד. ער פירט ניט קיין קאַמף און ער הויבט ניט קיין שטאַרקע האַנט. אָבער ער איז אויך ניט קיין מענש פון פינסטערניש און קיין שוואַרצזעער. און אוודאי ווייסט ער ניט, וואָס עס הייסט פאַרצווייפלונג. ער שפּאַנט ניט אַנטקעגן אונטערגאַנג. ער טרינקט ניט פון דער גלאָז פון קומער, נאָר פון גלאָז פון זיסען אומעט. ער האָט ליב ריינע און אידעלע לאַנדשאַפטען, ווי אַ פרייער וואַנדערער שפּרייזט ער איבער פעלדער און זאַפּט אין זיך איין זייער גאַנצע פאַר־באָרגענע שיינקייט. אין דעם האַרבסט זעט ער די נשמה פון דער אַנטפּלעקטער וועלט. און די ווייס־בלויע פאַרב טרייסט זיין אויג און פאַרפיינערט זיינע געפילען. ער קוקט אויף אַלע מיט אויסגעלייטערטע אויגען. זיין גליק איז — אין זיין אומעט.

פיכמאַן איז גליקליך אין זיין טרויער.

ער האָט ליב צו זען, ווי די וועלט איז איינגעטונקען אין ליכט; ער האָט ליב געל־געוואָרענע פעלדער און האַרבסט — ער האָט ליב זייער טרויער און ווען דער האַרבסט שלייכט אריין אין זיין האַרצען, פרעגט ער זיך:

מה פשר הנועם הלז והחרדה,
בה נפשך פתאום שבה נלכדה?

(„וואָס באַטייט אָט דידאָזיגע זיסקייט און ציטער, אין וועלכע דיין הארץ איז שוין ווידער געפאַנגען?״).

און ער באַנוגענט זיך בלויז מיט שטעלן אַ פראַגע. וואָרים זיין הארץ איז געפאַנגען ניט אין דער פאַסטקע פון אַ דערדריקענדען און בייזען קומער, נאָר אין דער נעץ פון זיסקייט און ציטער.

און אַן אומעטיג־מורמלענדער נאַכט־רעגען רעדט צו זיין נשמה. אין דער גרויסשטאָדט זעט ער אומעטיגע, פאַרוואָרפענע רעפּלעקסיעס. „און וואָס איז דער וואַלד? אַ פּוסטער זאַל, און אין זיין שוים — אומעטיגער גאָלד״. ביים זונאונטערגאַנג „דרימעלט דער וועלט׳ס צער״, און צו איר קומט דער אָוונט־ווינט „מיט די אָוונט־סודות און אירע אומעטיגע טרוימען״. „פונדאַסניי זינגט דעם הארצענ׳ס טרויער ביים זונאונטערגאַנג״. „איך בין געוואַקסען און מיט מיר צוזאַמען אויך מיין טרויער״.

פון דעם נעמט זיך אויך זיין בענקשאַפט־ליבע און זיין חשק זיך צעשיידען. ער האָט ליב צו בייגקען. דערפאַר האָט ער אויך ליב צו וואַגלען און וואַנדערען. וואָרים נאָר פון דער־ווייטענס קען מען בייגקען נאָך די טייערע, וואָס מען האָט פאַר־לאָזען ערגיץ אין דער היימאַט („ניין. עס איז אויף דער וועלט ניטאָ נאָך קיין זיסערער ווייטיק ווי „פאַרלאָזען״). און דערפאַר איז אים אַזוי ליב די איינזאַמקייט. ער איז זיך מתייחד מיט זיין נשמה אין זיין אייגענער וועלט און ער שאַפט אַ גאָלדען געוועב פון די בלאָנדזשענדיגע פעדים פון זיין ליד. און „ביינאַכט, ווען די גאַנצע וועלט שרייט נאָך הילף, איז מיין ליד פאַרגעסען ווי אַ בלום, וואָס טוליעט זיך שטיל צו די פעלזען פון איר הארץ״.

און אַז די וועלט אַנטפּלעקט זיך אים אין איר נאַקעטקייט, פאַרכאַפּט אים ניט קיין טרויער, נאָר אַ גרויסע פרייד, וואָרים— פון דער גאַנצער רחבות, וואָס איז באַרויכט פון איר סודות־

מאַנטעל, אַפילו פון דעם פוסטען בלעטערפאַל, קוקט אויף מיר — די קיינמאָל ניט אַנטוישענדע פּראַכט פון זיין.

די קיינמאָל ניט אַנטוישענדע פּראַכט פון דער „הוויה" — פון זיין — איז ניט די פּראַכט, וועגען וועלכער פילע פון אונז חלומ'ען. עס איז מעגליך, אַז מענשען געפינען זי, אָבער דערקענען זי ניט. זיי דערפילען זי ניט און פאַרשטייען זי ניט, וואָרים דאָס איז זייער אַן איידעלע און ראַפינירטע שיינקייט, אָבער דאָס איז פיכמאַנ'ס קאָנקרעטסטער „יש" — אָן דער דאָזיגער שיינקייט האַלט ער זיך אָן און אין איר זוכט ער זיין דערלייזונג. רות, וואָס דורך איר מויל זאָגט פיכמאַן פילע שיינע ווערטער וועגען דער דאָזיגער פּראַכט, זאָגט:

אך יש אשר בעזבו את יגונו
ונעזב גם ממיטב מראות חייו.

(„אָבער ווען עס טרעפט און ער פאַרלאָזט זיין טרויער, פאַרלאָזען אים אויך די שענסטע געשטאַלטען פון זיין לעבען").

ז.

אויף לויטער־שטילע פעלדער, פאַרזייטע מיט דינע זאַנגען־שטייגלאַך, אין אַ וועלט פול מיט שאָטענס און סודות'דיגע נעפּלען, אין נעצען פון שטוינענדען ליכט און געזאַנג פון פאַר־באָרגענע קוואַלן — וואַקסט אַ ליבע, וואָס פּאַסט זיך אַריין אין קאָליר און ריטם פונ'ם דאָזיגען לעבען.

איר געשטאַלט איז, ווי אַלע אַנדערע פיכמאַן־געשטאַלטען, ווייס און צאַרט.

און אַפילו אין די שווערסטע מינוטען, ווען „דאָס האַרץ, וואָס האָט פאַרגעסען יוגענט שרייט שוין ווידער נאָך אַ פרייינט" — אַפילו דעמאָלט בלייבט דער דיכטער טריי צו זיך אַליין.

טאָג־איין טאָג־אויס גייט ער צו איר וואוינונג, און אויף זיינע ליפּען ציטערט אַ וואָרט. אָבער „דאָס וואָרט איז נאָך ניט געזאָגט און ווער ווייסט, צי עס וועט ווען געזאָגט ווערען".

טאָג־איין טאָג־אויס רויטעלט זיך אין זיין הארצענ׳ס גאָרטען דער קווייט פון גליק און ווערט ווידער בלייך — „יום יום אני הולך למעונך ואליך לא גונב עוד דבר״.

און „אין יענע נעכט״ (א נאָמען פון א ליד) וואנדערט ער אליין אין די גאַסען פון דער רוישענדער שטאָדט. ער ווייסט, אז ערגיץ־וואו איז פאראן א הויז, און אין אים איז פארפלאנצט א גאָרטען, און אין הויז איז פאראן א ווייסער (א ווייסער!) צימער און זי קוקט דורכן פענסטערל אין דער שטילער פינסטער־ניש. ווארט אויפ׳ן שטורעם און שרעקט זיך פאר אים.

און וואָס באגערט ער?

ובלילות חמים אלה ובדממת סערם
על מצחך הבוער במניפת שירתי
להשיב חפצתי רק נשיקה קלה
של מנוחה וחזון,
ובהסתר פנים לשוב
אל הרי הרחוקים.

(און אין די דאָזיגע הייסע נעכט, אין דער שטילקייט פון זייער שטורעם וויל איך אויף דיין גליענדען שטערן מיט׳ן פאָכער פון מיין ליד אנווייען א הויך, א גרינגען, פון רו און זעהונג. און, אן אומבאקאנטער, זיך צוריקקערען צו מיינע וייטע בערג).

מאכען א גרינגען הויך מיט׳ן פאָכער פון זיין ליד אויף איר גליענדען שטערן — דאָס איז פאר אים גענוג. נאָכדעם קען ער זיך צוריקקערען צו זיינע ווייטע בערג.

אין ליד „זכרון״ לעבט ער מיט׳ן כח פון דער דעראינערונג פון יענעם זומער־מאָמענטביים זונאונטערגאנג, ווען זי איז פון ערגיץ־וואו אים געקומען אנטקעגען. מיט איר גאנצער תמימות „די תמימות פון א מיידעל מיט׳ן חן פון א קינד, און אויגען—שרעקענדיגע און שעמעוודיגע״ איז זי פאר אים געשטאַ־נען אן אומזיכערע, לאבענדיג „אויף דער אומדערווארטעטער באַ־

געגעניש, אויף דעם ערשטען וואונדער, וואָס איז שוין געשען, און וואָרטלאָז האָסטו אָראָפּגעלאָזט די אויגען״. איר לויכטענ־דער חן האָט אים אויפגעברויזט, וואָרום די באַגעגעניש האָט אים צוטומעלט און זיין שפּראַך, וואָס ער האָט געוואָרעמט אויף זיין געלעגער, „פול מיט ווייכקייט און גלות, איז פּלוצלינג פאַרגעסען געוואָרען, און מיט אַ שווערען צאַנק בין איך פאַר דיר געשטאַנען״. און אין „ידעתי את לעולם״ . . . ווייסט ער, אַז „דו וועסט קיינמאָל ניט זיין מיין יונגע פרוי, די מוטער פון מיינע קינדער און די ריינקייט פון מיין היים״ — אָבער, אין די ווייטע וואַנדער־לענדער וועט ער שטענדיג מיט זיך טראָגען די דעראינערונג פון איר גנאָד.

דער ווייטער זכרון איז פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי די נאָהענטע געשטאַלט. און ער שטעלט זיך צופרידען מיט דער געשטאַלט, וועלכע אַנטפּלעקט זיך צו אים.

און אין איינעם פון זיינע פּאָלקאָמענסטע און צאַרטעסטע ליבע־לידער — „געגועים״ — זאָגט ער:

רב אושר לדעת, כי לי את,
ואם הרחק, אך יום שעת פליאה
יש אחת ואין בת עוד חלק
לחיים הזרים בהגיעה.

(גרויס איז דאָס גליק צו וויסען, אַז דו ביסט מיינע, און איין וואונדער־שעה איז פאַראַן, וואָס ווען זי קומט, האָט דאָס פרעמדע לעבען קיין שום חלק ניט אין איר).

ער ווייסט ווען דידאָזיגע שעה פון גליק וועט קומען — אָבער זיין האַרץ ציטערט ניט און זיין בלוט שרייט ניט, ווען די שעה איז נאָהענט.

ובחדרי באין רואך תופיעי,
וידך הרכה תשומי
על עיני ולבבי — ובאינך
את כולך יקרה פה עמי.

ווען זי איז ניטאָ איז זי אינגאַנצען מיט אים.

אין דעמדאָזיגען ליבע־ליד, און אין ענליבע לידער, אַנט־פּלעקט זיך אין זיין גאַנצער ליכטיגקייט דער ווזען פון זיין גאַנ־צער דיכטערישער שאַפונג. אין איין ליד זאָגט ער: „וואָס ווייטער, מיידעל, איך גיי אַוועק פון דיר, אַלץ לויטערער שטראַלט דיין געשטאַלט אין מיר".

ניט ערדישע גלוסט און ניט אויסגעשריי פון בלוט באַ־גלייטען זיין ליבע, נאָר דער זיסער און פאַרזיגעלטער רמז, די אויסגע׳חלום׳טע געשטאַלט, אַ געליטערטע פון אַלע זינד. ווענען דעם רעדט ער קלאָר אין ליד „רמז":

ועתה גם כי הנחלתיני
זהב מתרך ותומך הטוב
ושפוני נעוריך היקרים,
אל אוצרות תברכת החביבים
אשר גם חלומי לא העז
לחתור עד מקסמם הלוהט —
לי היו כולמו כיום
גם עתה בך אראה אור סתום
לימים ורגעים עוד גדולים
וכולך עוד רמז עד עתה
לאושר אשר עוד יבוא.

אין דער פרוי, ווי אין דער לאַנדשאַפט, זוכט און געפינט פיכמאַן די לויטערקייט און די ריינקייט, דעם פאַרבאָרגענעם רייץ און דאָס ווייסע גליק, דעם מיסטעריעזען צויבער און די אומעטיגע פּראַכט. און אין זיינע ליבע־לידער שיינט אַרויס נאָך מער דאָס אויסטערלישע ליכט פון זיין דיכטונג, אַ דיכטונג פון אַ באַצויבערטען פון דער שטילער שיינקייט און דעם האַרבסטיגען טרויער, וועלכע זיינען אויסגעגאָסען אויף דער וועלט.

# דוד שמעונוביץ

א.

אין דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור פאַרנעמט די פּאָעזיע איינעם פון די וויכטיגסטע, אויב ניט דעם וויכטיגסטען פּלאַץ. דער שאַפענדער גייסט פון דער אויפלעבענדער העברע־אישער קולטור און ליטעראַטור האָט אַרויסגעבראַכט אַ גאַנצע רייהע גרויסע קערענדיגע פּאָעטען. עס זיינען געווען די גוטע, ראָמאַנטישע טעג פון דער נייער העברעאישער ליטעראַטור, אין אָנפאַנג פון אונזער יאָרהונדערט, ווען די דאָזיגע גרופּע האָט זיך באַוויזען. ניט איינער, אָן איינצעלנער אָדער אַ צופעליגער, האָט זיך באַוויזען, נאָר אַ גאַנצע גרופּע. פרישע כחות און נייע געזאַנגען. זיי זיינען געקומען בצבור און זייערע לידער האָבען אָפּגעהילכט מיט יוגענד און מיט פייער איבער אונזער וועלט. יעדער מיט זיין קול און זיין ניגון. יעדער מיט זיין פאַרב און זיין קאָליר. און זיי האָבען מיט אַמאָל דערהויבען אונזער לי־טעראַטור. ביאַליק איז געווען דער פּאָעטער, דער ערשטער גרויסער זאַנגער און אָנזאָגער, און מיט אים שאול טשערניכאָווסקי, וועל־כער האָט לאַנגזאַם, נאָר זיכער און קרעפטיג, געשטייגט ביז ער איז אַרויף צו זיין הויך. אָבער זיי אַליין האָבען אויסגעזעהן ווי אויסנאַמען, ווי „נסים", — און אויף נסים האָבען מיר מורא געהאַט זיך פאַרלאָזען.

איז געקומען די צווייטע גרופּע — ז. שניאור, יעקב כהן, יעקב פיכמאַן, דוד שמעונוביץ, יעקב שטיינבערג און אַנדערע — און האָט געמאַכט דעם „נס” פאַר אַ פאַקט, די „אויסנאַמע” פאַר אַ כלל. זיי האָבען באַוויזען, אַז ניט דורך אַ צופאַל זיינען צו אונז ביאַליק און טשערניכאָווסקי געקומען, נאָר דורך אַן אינער־ליכען כח, וואָס איז אין אונז רייף געוואָרען, און וואָס רייסט זיך צום לעבען. ביאַליק האָט גלייך דערפיהלט אין זיי דעם אמת'ן כח, דעם וואָס מיר האָבען ערוואַרטעט און וועלכען מיר האָבען געדאַרפט. אין זיין גלענצענדער עסיי „שירתנו הצעירה” (אין „השלוח”) האָט ער זיי „געקרוינט” און אַוועקגעשטעלט אין דער רייהע—יעדען אויף זיין פּלאַץ און יעדען לויט זיין ניגון. און נייע לידער האָבען זיך דערהערט ביי אונז. זיי, די יונגע, האָבען ניט נאָר באַרייכערט די פאָרמע פון דער העברעאישער פּאָעזיע, ניט נאָר איידעלער און ראַפינירטער געמאַכט דעם קלאַנג, — זיי האָבען אויך באַרייכערט דעם אינהאַלט. זיי האָבען „דענאַציאָ־נאַליזירט” די פּאָעזיע, זיי האָבען זי אַרויסגעטראָגען פון אונזער היימישקייט צו דער גרויסער און ליכטיגער וועלט — און אויך וועלטליכקייט. אַזוי איז די פּאָעזיע געוואָרען כמעט דער פאַר־געשריטענסטער טייל פון אונזער ליטעראַטור. מענש און וועלט, ליבע און איפּערזוכט, פרייד און טרויער, נאַטור און לעבען — זיינען געוואָרען אירע מאָטיווען.

און אויב נאָך די יאָרען פון איבערקערענישען ווערען ווערטען איבערגעשאַצט און אַ נייער דור, אַ דריטער, מיט נייע לידער שטעהט אויף — ווערט די שיין פון דער גרופּע ניט פאַר־טונקעלט. אדרבא. איצט, ווען איבער זייערע קעפּ שיינט די זון פון פאַרשטאַנד און די באַרוהיגונג באַלייכט זיי — קאָן מען נאָך לייכטער און דייטליכער זעהן זייער ווערט און זייער פאַר־מעגען. ס'איז שוין מעגליך פאַר יעדען אָפּצושאַצען דאָס וואָס זיי האָבען אַריינגעטראָגען אין אונזער ליטעראַטור. אָפּשאַצען— און שעצען דאָס וואָס איז „נכסי צאן ברזל”.

ב.

דוד שמעונוביץ, איינער פון דער גרופע, איז א געזונטער און קרעפטיגער פאעט. און דערצו א פרוכטבארער. און אויב ער האט אין דער ערשטער עפאכע פון זיין שאפען באקומען דעם נאמען „משורר הסער" — דער דיכטער פון שטורם — בארוהיגט ער איצט זיין אייגען געמיט און דאס געמיט פון די לעזער מיט זיינע ליכטיגע און קלוגע ארץ־ישראל אידיליען — פון חלוצים־לעבען. אבער עס איז א טעות צו מיינען, אז ער איז שוין איצט בארוהיגט, אזוי ווי עס איז געווען א טעות צו מיינען, אז ער פריהער געווען כולו שטורם, רק ווינט.

דער אמת איז — ער איז אן אומרו. און ער האט ליב זיך וויגען און זיך טראגען צווישען צוויי וועלטען. ער האט דינאמישע קראפט, וואנדערלוסט, היים בלוט און בענקשאפט נאך וויטען. ער האט ניט ליב די ערד צו זיין אויף איר און רוהען— ער האט ליב די ערד, צו וועלען זי און גלוסטען. ער האט ניט ליב דעם מדבר צו זיין דארט און וויינען מיט די שאקאלען — ער האט ליב דורכצולויפען, ווי א שטורם, איבער'ן מדבר און זיך אנזאפען פון זיין היץ און גלות און עלענדקייט און גרויסקייט. ער ווייס: די וועלט איז גרויס און ברייט, דאס לעבען טיף און שטארק — און דעם מענשען'ס כחות קליינע. ניט נאר דער גוף פענטעט אים, נאר אויך די צייט, די סביבה; דאס ארומיגע מאכט אים קליין און נישטיג און פארבייגעהענד — דערפאר וויל ער אזוי פיל ארומפליהען, ארומוואנדערען — קערפערליך און גייסטיג, ממש און וויזיאניסטיש. ער האט ניט קיין פלאץ און האט ניט קיין צייט. אזוי ווי די צייט שטעהט ניט, אזוי שטעהט ער ניט. און ווי א ווינט פונ'ם מדבר קומט ער אן — און ברענגט מיט זיך אן אנדער אטעם, אן אנדער סביבה. און אפזייענדיג דא א ביסעל, געהט ער, פליהט ער ווייטער. ער איז אן אומרו וואס וואנדערט. ווי א וואלקען וואס בלאנדזשעט

מיט וואָלקען. אָהן אַ באָדען און אָהן אַ לאַנד. פון עק ביז עק און פון ווייט צו ווייט. און ניט איינמאָל דוכט זיך, אַז ער אַנטלויפט ערגעץ ווייט, כדי ער זאָל קאָנען צוריקגעוואָרפען ווערען ווי אין „כף־הקלע”. איז ער אין צפון (וועלכען ער האָט אַזוי באַזונגען), רופט אים דער מזרח. איז ער אין מזרח (וועלכען ער האָט אַזוי היים ליב), רופט אים ווידער דער קאַלטער צפון, רופט אים דאָס ליבע מיידעל, וואָס ער האָט דאָרט פאַרלאָזט. איז ער אין טאָל, רופען אים בערג; איז ער אויף בערג, ציהט אים דער טאָל. ער האָט ליב ניט נאָר דער מדבר, וואָס איז ברייט און גרויס און וויסט—נאָר אויך דעם אָקעאַן, וואָס איז טיף, פול מיט סודות און אונענדליך. און תמיד בענקט ער נאָך זיין שטור־מישקייט און פרעמדקייט — און זייענדיג אויף אים, געטראָגען פון די כוואַליעס, רופט ער צו דער ערד, צו דער מוטער־ערד. אָבער לאַנג בלייבען אויף איר וויל ער אויך ניט. ער איז נח'ס טויב וואָס פליהט איבער אַ ערד וואָס טרינקט זיך אין מבול און האָט קיין אָרט ניט, אָדער וויל קיין אָרט ניט, אויף אָפּצושטעלען זיך און בלייבען. עס איז בעסער אַזוי לויפען איבער ווייטען, פליהען איבער טיפען, דערזעהן אַ ליכט, דער־הערען אַ בלעטעל — און פליהען צוריק — ווייטער און העכער. דאָס לאַקט און ציהט און פילט אָן דאָס הארץ יט פרייד פון לעבען און געניסען, פון לעבען איבער וועלטען און מיט וועלטען.

ער האָט אַ ווילדע הנאה ווען כוואַליעס ברויזען, רעש'ן און ברייטקייטען פון ימים שטייגען און פאַלען:

לתעות מה אָהבתי על הופים גשמים
עת יסערו, יהמו נהשולים;
מה ירחב לבבי, עת מרחבי ימים
בנאקה אַף שוקעים, אַף עולים.

און מחמת ער איז אַזוי אָפט מיט'ן מדבר און אָקעאַן,

אפגרונדען און הויכקייטען — האט ער ליב צו זעהן אין זיך געשטאלטען פון ווייטע מקומות, געשטאלטען פון שטארקע און מעכטיגע. ניט איינמאל באזינגט ער דעם וואלף און דעם לייב. זיי זיינען זיינע ברידער. און צו די ספינקסען רעדט ער ווי צו אייגענע — ווייל אויך ער איז א ספינקס, וואס איז ערגעץ פארזעצט אין דער פרעמד. אין קאלטען פעטערבורג, אויפ'ן ברעג פון דער נעווא, דערזעהט ער זיי, זיינע פארגליווערטע און פארוואגעלטע ברידער, און גיסט אוים זיין הארץ פאר זיי און עפענט אויף, אין דער לבנה־נאכט, זייער סוד פאר זיך. און — זייער סוד איז זיין סוד.

זיין סוד איז — אמאל. ער שטאמט פון אנטיקע, פאר־צייטיגע דורות. ער לעבט איצט, אבער פארווארצעלט איז ער אין דער פארגאנגענהייט. ביי אים איז אונזער, אידישע, היסטא־רישקייט ניט קיין מליצה, נאר א געפיל. ניט אין געדאנק, נאר אין בלוט. ער איז אן עתיק, א זון פון אן אלט פאלק. און דא איז ער ניט מער ווי א גאסט. א דורכגעהער.

גר אני על אדמות, זר ומוזר בארץ,
כל גבוליה מדותי, אך לא אדע מקומי.
איה חוקר תכלית, ישמע יבין הגיגי ?
איה פותר חלומות, ידע יפתור חלומי ?

ער איז א גר אויף דער ערד און א פרעמדער אויף דער וועלט. אלע גרענעצען אויסגעמאסטען און וואו ס'איז זיין ארט ווייס ער ניט. און ער זוכט דעם פותר חלומות, וואס זאל אים זיין חלום פותר זיין. אבער ער אליין האט דאך דערמיט שוין פותר חלום געווען. ער אליין זאגט דאך : ווייל ער פיהלט עס, אז ער באלאנגט צו אן אלטער וועלט, וואס האט פארבלאנדזשעט אין מדבריות פון צייטען. און פון מקור פון זיין לעבען ביז דעם איצטיגען דור איז דא א מהלך פון יארטויזענטע.

איצט איז שוין פארשטענדליך דאס דאזיגע פרייע וואנ־

דערען, וואָס ער וואַנדערט אַרום. אויב אַ קינד פון ווייטען — ווייטע וועלטען און ווייטע צייטען — וואָס איז פאַר אים די דאגה פון אַ טאָג, דער טרויער פון אונזער לעבען? ער איז איבער דעם, העכער פון דעם.

און דערפאַר אַזאַ מין איינגעגלויבטע, איינגעבילדעטע גבורה. ער איז ניט סתם שטאַרק, נאָר ער איז שמשון. ער האָט גבורה און האָט קיין מורא ניט פאַר דלילה׳ן. אויך ניט פאַר שולמית׳ן. ער וועט זיך צו זיי ניט פאַרבינדען. ער וועט פאַרשקלאַפט ניט ווערען. בינדט אים מיט זייד און בינדט אים מיט פלאַקס — אָבער ער פיבערט שוין מיט דער וואַנדערלוסט. ער וועט אַוועק אַוועק (הה, חסמו את דרכי גם עברים, גם פלשתים ותהי כשולמית, כדלילה. אסרוני במשי, אסרוני בפשתים, אך קרובים נדודי הגילה).

ער האָט קיין צייט און קען ניט שטעהן. אים רופען ווייטען און אים שטופען כחות פון אינוועניג. די געגענוואַרט און די ווירקליכקייט באַגרענעצען און האקען אָפּ די כחות, אָבער די פאַרגאַנגענהייט און די אויסגעטראַכטע וועלט מאַכען דעם מענ־שען פאַר אַ האַר און פאַר אַ מושל. דאָ איז ער אַ קנעכט, דאָרט איז ער אַ מלך. דאָ ברומט ער שטיל און טרויעריג, אָבער דאָר־טען וועט ער שרייען ווי אַ לייב:

פה המיתי נוגה, רפה
שמה אשאג שאגת טרף,
עת בליל על ערבות קרה
אטוס עז עם זאבי-ערב,
שמה אשאג שאגת-טרף.

ער וויל אַרויסשרייען פון זיך די „פאַרהאַלטענע שטורעמס" זיינע. אין אים איז אָנגעזאַמעלט אַ סך גבורה — גבורה פון אַמאָל. און ער וויל און מוז אויסברענגען די קרעפטען. ווי קומט צו אים אַזוי פיל קראַפט? גאָט האָט אַ טעות געהאָט

און אָנגעגאָסען אין אים צופיל שטורם, צופיל שטאַרקייט און צופיל פרייהייט (משנה דרור ומשנה סער יוצר כל בשגגה מסך, ומאָז הוא צר ועוין, דורש תשלום מבלי חשך), און דאָס דאָזיגע איבריגע „ביסעל” זיינס פאָדערט באַוועגונג, טאַט און שאַפען.

ד.

דער דאָזיגער אימפּעט מאַכט דעם דיכטער איינזאַם און עלענד. דאָ איז אים צו ווייניג און צו קאַלט. דאָרט, אין די אויסגעטרוימטע ווייטען, איז ער צו עלענד און צו נײַ. ער איז ווי אַן אָבגעהאַקטער פונק וואָס זוכט זיין פלאַם צוריק זיך צו באַהעפטען. ס'קלינגט פּאַטעטיש, אָבער אויך נאַאיוו, ווען ער זינגט וועגען די ווייטען און וועגען זיין אַבסאָ־לוטער עלענדקייט. ווייל בשעת ער פליהט אַרום, ווי אַ בלאָנד־זשענדער שטערן, קוקען אים נאָך מיט ליבע און מיט גלויבען די אויגען פון זיינע ברידער. און דוקא די שטאָלצקייט זיינע און דערהויבענקייט מאַכען אים נאָך נעהענטער און היימישער. און אין שמעונוביץ'ן, וועלכער האָט ניט ליב זינגען און באַזינגען זיין פאָלק, זעהען מיר ניט סתם אַ פּאָעט, אַ מענשליכען, נאָר אויך אַ אידישען פּאָעט. שוין ניט רעדענדיג פון זיין ריינער און לעבעדיגער העברעאישער שפּראַך — נאָר אויך זיין זעהן און פליהען, זיין טעמפּעראַמענט און זיין תפיסה, זיינע פריידען און ליידען, זיין בענקשאַפט נאָך גבורה און שטאָלץ פון עלענד־קייט — דאָס אַלעס זיינען דאָך אונזערע אייגענשאַפטען, אונזער חלק אין שמעונוביץ'ן. און אַז ער באַזינגט די העברעאישע שפּראַך, די שפּראַך פון זיינע לידער — זינגען מיר דען ניט מיט מיט אים, וואָרט ביי וואָרט, קלאַנג ביי קלאַנג? —

הוי, שפת מנגינותי, הוי, שפת עבריה!
אנחנו מה קרובים, אנחנו תאומים...
עולמות נשכחים גם בי, גם בך הומים,

גם שנינו קדמונים, רחוקים ויתומים,
גם שנינו — הד פלאי מירתי-נשית.

מיר זיינען אזוי נאָהענט, מיר זיינען אַ צווילינג. פאַר־געסענע וועלטען ברומען אין מיר און אין דיר. מיר זיינען ביידע קדמונים, יתומים און ווייטע. מיר ביידע — אַן עכאָ פון אמאָליגע טעג.

אָט די נאָהענטקייט, בלוט און ראַסע נאָהענטקייט, צווישען אים און זיין שפּראַך — איז די זעלבע צווישען אים און אונז, צווישען ביידע וועלטען וואָס איז איינע.

און אויב ס'האָט זיך נאָך געפאָדערט אַן איבעריגער באַ־וויז דערצו — זיינען געקומען זיינע ארץ־ישראל אידיליען פון די לעצטע יאָרען און האָבען עס באַוויזען.

אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור און אין ארץ־ישראל איז דאָס די ערשטע שפּראָצען פונ'ם נייעם עפּאָס, פונ'ם נייעם לעבען וואָס שאַפט זיך דאָרט.

ער האָט געזעהן, און באַזונגען, די ערשטע טריט פונ'ם חלוץ ווען ער איז אַרויס פון גלות און געזעהן, און מיטגעשאַפען, זיין צוריקקער צו דער ערד, צו אונזער ערד. און מיט פיל ליבע, און פאַרשטענדעניש האָט ער אין זיינע אידיליעס, וואָס פאַר־דינען אַ באַזונדער אָפּהאַנדלונג, אַרויסגעבראַכט דאָס ליכט פון דעם נייעם אידען אויף זיין אַלט־ניי־לאַנד.

# דוד פרישמאַן

## א.

זיין אַריינטריט אין אונזער ליטעראַטור — מיט אַ האַלבען יאָרהונדערט צוריק — איז געווען אַ שטורמדיגער און אַ קאַמפּ־לוסטיגער. אַ געזונטער שפּאַן, אַ דרייסטע קראַפט, אַ בייסענדער שמייכעל און אַן אינסטינקטיווע שנאה צו בלעטלעך פון דער „מליצה", וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין אונזער ליטעראַטור. „תוהו ובוהו!"

דאָס איז געווען זיין ערשטער אויסרוף און זיין ערשטער פאָרוואורף צו די וואָס האָבען דעם נאַטירליכען מענשליכען געפיהל פאַרביטען מיט אַ טויט וואָרט.

און דאַן זיינען געווען „הייסע" טעג. „תוהו ובוהו" איז ערשינען אין יאָר תרמ"ג, ד. ה. 1882, אַ יאָר נאָך די ערשטע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. ס'האָט געפיבערט דאָס אידישע לעבען נאָך דעם טראַגישען צופאַל. מ'האָט אָנגעהויבען זוכען נייע וועגען, וועגען צום לויפען. ס'האָט זיך ווידער אוועקגעשטעלט די אַלט־נייע פאַטאַלע פראַגע: וואוהין?

און מיט וואָס פאַרנעמט זיך אין אַזאַ צייט אונזער ליטע־ראַטור און פּרעסע? מ'„זוכט" וועגען און מ'ווערט פאַרפּלאָנ־טערט אין דעם ווילדען ווערטער־וואַלד פון מליצות און פסוקים.

מ'וויל בילדען דאָס פאָלק, שרייבט מען „וויסענשאַפטליכע" אַרטיקלען מיט אַ קוציץ ווערטער. ס'איז ווילד־פליייש, וועלכע מ'דאַרף אויסשניידען, און וואָס גיכער, אַלץ בעסער. מ'בעזינגט כלומרשט דאָס לעבען, מ'שרייבט שירים וועגען ליבע — און קיין אמת'ער פונק איז ניטאָ.

זוכט מען וועגען פאַר עמיגראַציע, נאָכ'ן גרויסען פאָלקס־אומגליק — וואָס זשע זאָגט עפּעס דער „המליץ" (אויף אים,

זיין רעדאקטאָר און זיינע שרייבער איז געווענדעט דאָס גאַנצע שאַרפקייט פונ׳ם „תוהו ובוהו״)?

דער „המליץ״ זאָגט: „למען ירושלים לא אשקט״ — איין אַרטיקעל; „שאו נס ציונה״ — אַ צווייטעס. „אל הצובאים על הר ציון״, „למען ציון לא אחשה״, „ציון במשפט תפדה״ א. אַ. וו. אַזוי הייסען די אַרטיקלען, וואָס דאַרפען ווייזען אַ וועג פאַר׳ן געפּלאָגטען אידישען עולם. פאַרוואָס עפּעס אַזעלכע נעמען, פּאַרטיג־צוגעגרייטע פון פאַר צוויי טויזענט יאָר? דערפאַר וואָס קיין לעבעדיגע באַציהונג איז ניטאָ, דערפאַר וואָס מענשען זיינען פויל און נעמען פון גרייטען. ווען ס׳זאָלען זיין — זאָגט פרישמאַן — אָנגעגרייט אַנדערע מליצות, וואָלטען אַנדערע גוט געווען. מיט׳ן זעלבען ערפאָלג קען מען שרייבען ניט „שאו נס ציונה״, נאָר „שאו נס ניוּיאָרקה״, ניט „למען ציון לא אחשה״, נאָר „למען קאַנאַדה לא אחשה״, ניט „ציון במשפט תפדה״, נאָר „פּאַטאַגוניה במשפט תפדה״ . . .

און אַזוי איז מיט דער וויסענשאַפטליכער פּובליציסטיק. מענשען שרייבען אויף אַ קידער־ווידער אופן. ניט פאַרדייעט דאָס ביסעלע תורה וואָס זיי האָבען געלערנט ביי יפת׳ן, אין אייראָפּאַ, קומען זיי צוגעהן צום אידיש־העברעאישען עולם און פאַרדאַרבען אים דעם פּשוט׳ן געשמאַק מיט געשוואָלענע מליצות. „דעצענטראַליזאַציאָן דעמאַגאַגית״, „רעגלאַמענט לאומי״ — וואָס הייסט עס? און קורח און אלישע בן אבויה און שפּינאָזאַ און מענדעלסאָן ווערען צונויפגעפירט צוזאַמען — און צו זיי נאָך באָקל — און אַזוי ווערט געשאַפען די וויסענשאַפטליכע אויפקלערונג־פּובליציסטיק.

און אַזוי איז אויך מיט דער פּאָעזיע.

אַנשטאָט אַ לעבעדיגען געפיהל, אַנשטאָט אַן אייגען וואָרט, שטעהט ווי אַ שמש צום דינען אַ גרייטע אָפּגענוצעוועטע מליצה; און זי „פאַרענטפערט״ שוין אַלעס. אַלע ליבעס זיינען גלייך,

אַלע מיידלאַך זײַנען געטאַקט ווי סאַפּיר — „כספיר גזרתה“ און „הירח יקר הולך“ א. אַז. וו.

אָבער זייט ניט קיין חושד בכשרים, ווײַל דאָס אַלעס איז ניט מער ווי אַ משל, ווי מליצה.

דאָס מיידעל איז קיין מיידעל ניט, די ליבע איז קיין ליבע ניט. ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. און דער „פאַרליבטער“ איז זיך נעבאַך מודה ומתודה, אַז ער אַליין האָט חלילה קיינמאָל קיין בתולה ניט ליב געהאַט, און דאָס זינגט ער ניט פון זיך חלילה, נאָר אַזוי זיך לשם מאָדע.

און דער עולם שטעהט פאַרגאַפּט, פון דער גרויסאַרטיגער מליצה, פון דעם הויכען פּסוק—און קנייטשט דעם שטערן.

דער יונגער פרישמאַן האָט אויף אַן אכזריות'דיגען אופן צושטערט די דאָזיגע אידיליע און אויפגעריסען די מליצה.

## ב.

ער איז געוואָרען דער קריטיקער ניט נאָר פון אונזער ליטע־ראַטור, נאָר אויך פון אונזער לעבען. ער האָט זיך אַוועקגע־שטעלט אַביסעלע אָן אַ זייט, כדי ער זאָל האָבען פּערספּעקטיוו און זיין פריי פון די קליינליכקייטען וואָס פאַרשטעלען דעם עיקר.

ער איז געווען דער שטענדיג־אומצופרידענער און קיינמאָל־ניט־באַפרידיגטער. אַ מענש וואָס האָט שטאַרקע נייגונגען צו חלומות, אָבער האַלט אין איין וועקען זיך און יענעם. ווײַל אַליין זיין ניכטער, און אויך האַלטען דעם עולם ניכטער. אָבער דאָס איז אַן אומגעהויער שווערער ענין פאַר אַ דיכטער.

דערפאַר איז פרישמאַן געוואָרען „אַ שטורם־פויגעל און אַ צושטערער“. אָבער זיין צושטערונג איז געווען פון דעם מין וואָס האָט אין זיך בויאונג. זיין „ניין“ איז געווען אין תוך אַ „יאָ“, און זיין אומצופרידענקייט פלעגט ניט איינמאָל און ניט איינעם זעהר שטאַרק צופרידענשטעלען. ווײַל זיין בייזע קריי־

טיק איז ניט געקומען חלילה פון שנאה אָדער פון ניט־פאַר־גינען, נאָר פאַרקערט — פון פאַרבאָרגענער ליבע און פון טיפען פאַרלאַנג צו זעהן בעסערע און שעהנערע זאַכען. דער־פאַר וואָס ער אַליין האָט פאַרמאָגט מעהר, האָט ער געוואָלט אז אויך מיר זאָלען פאַרמאָגען מעהר.

און דער וואָס האָט מעהר, וויל מעהר. אַלץ מעהר.

אין זיין באַגעגעניש מיט'ן עולם פון זיין צייט איז געווען פון יענעם אומבאַשרייבליכען טרויער וואָס איז דאָ אין דער באַגעגעניש פון צוויי קרובים — איינער אַ רייכער, דער צווייטער אַן אָרעמער.

פרישמאַן איז געווען אַ נגיד. זיין לעזער—ניט. דערפאַר דער דאָזיגער קאָנפליקט.

אָבער געבענשט זאָלען זיין אַזעלכע קאָנפליקטען. ווייל נאָר פון זיי קומט עפּיס אַרויס. און פרישמאַן איז געוואָרען דער פרוכטבאַרער און פילזייטיגער שרייבער וואָס ער האָט גע־וואָלט, און מיר האָבען געדאַרפט, ער זאָל ווערען.

וועגען וואָס האָט ער ניט געשריבען — און וואָס האָט ער ניט געשריבען? וועגען וואָס? — ליטעראַטור און קונסט, שרייבער און פּאָליטישע טוער, אַלטע און יונגע, טעאַטער און אַרטיסטען, משוגעים און משומדים, קראַנקע און געזונטע, לעבען און טויט, ליבע און שנאה — וועגען אַלעם.

און וואָס האָט ער געשריבען? — לידער און ערצעהלונגען, עסייען און פעליעטאָנען און איבערהויפּט קריטיק. איבערזעצט פון דער וועלט־ליטעראַטור און רעדאַקטירט. געאַרבייט פּראָ־דוקטיוו און אָהן אויפהער. באַצויגען זיך שפּאָטיש במעט צו אַלעמען — און מיטגעאַרבייט במעט מיט אַלעמען. מיט'ן גאַנצען בטול האָט ער רעדאַקטירט דעם ערשטען און צווייטען „הדור" (וואָכענבלאַט), דעם „הזמן" (מאָנאַטשריפט), דעם „הבוקר" (טאָגבלאַט), די „רשפים", דעם „ספרות" און די „התקופה".

און אין די אַלע אויסגאַבען האָט זיך געפילט זיין גייסט, האָט געהערשט זיין ווילען. די נעמען „הדור" און „רשפים" זיינען עד היום לעבעדיגע נעמען פאַר'ן העברעאישען לעזער, נעמען וואָס זאָגען עפּיס, נעמען וואָס וועקען זכרונות — פון אַמאָליגער יוגענד, פון גליקליכע טעג, פון שטענדיגער פרישקייט.

ווייל פרישמאַנ'ס גרעסטע ברכה איז געווען זיין פרישקייט, זיין אונאויפהערליכע בליהונג. ער האָט איבערגעלעבט אַלע זיינע צייט־חברים. ער האָט איבערגעלעבט די צייט אַליין. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך עטוואָס פונ'ם כשוף־פויגעל „חול", וואָס ווערט לויט דער לעגענדע, פאַרברענט נאָך טויזענד יאָר לעבען און ווערט צוריק לעבעדיג פון זיין אייגענעם אַש.

דאָס איז אפשר געווען דאָס פיינסטע אין אים. אַלטקייט האָט אויף אים קיין שליטה ניט געהאַט. ער האָט געלעבט מיט דער ליטעראַטור, און אַזוי זיך אַנטוויקעלט פון פאַרשייטער יוגענדליכקייט ביז צו געזעצטער שכל'דיגקייט, צו מיטעליאָריגער רייפקייט און פון זיי — צוריק אַ קנויל צום אויפלעבענדען, יונגען. ער איז קיינמאָל ניט דערגאַנגען ביז'ן סוף — טאָמער וועט זיך דאָרטען ענדיגען דאָס, צו וועלכען ער האָט געשטרעבט. שוין בעסער אָפּקירעווען רעכטס אָדער לינקס—און ווידער זוכען, ווי־דער בלאָנזשען, נאָר ניט אָפּשטעלען זיך, נאָר ניט אריינפאַלען אין די נעצען פון רוה, וואָס נאַרען און ווילען פאַרנאַרען.

ער איז געווען פּיעלזייטיג — און דאָס איז געווען זיין גליק. ניט דערפאַר האָט ער געאַרבייט אויף אַלע געביטען ווייל ער האָט זיין איינציגען וועג ניט געפונען — נאָר דערפאַר וואָס ער האָט געוואָלט אַלע וועגען, כדי ער זאָל קאָנען וואַנדלען אויף זיי און זוכען אין זיי.

ווערט איינג אין דעם געזעלשאַפטליכען פעליעטאָן — געהט מען אוועק אין זיך, אין דער אינערליכער וועלט פון שטילען,

עלעגישען ליד. א ליד פון בין השמשות, פון חשבון הנפש, וואס מאכט זים די ליידען מיט זיין צארטען טרויען:

לא יום אף לילה; דמדומים היו תיו,
וזה אשר לא היה וזה אשר לא יהיה תיה מאוויי.

אָדער — מ׳געהט גאָר אוועק צו די וועלט־גייסטער און מ׳ברו־דערט זיך מיט זיי. זיין מיט זיי אינ׳איינעם, טוליען זיך צו זיי מיט מורא און ליבע איז דאָך אזוי היימליך און אזוי גוט!

און אין דעם ליגט די קראפט פון פרישמאנ׳ס איבערזע־צונגען. זיינע איבערזעצונגען פון אייראָפּעאישע שפראכען אין העברעאיש, זיינען ניט קיין מלאכה, ווייל זיי זיינען קיינמאָל ניט געמאכט אונטערן דרוק פון טעכנישע אומשטענדען. זיין איבערזעצונג איז א קינד פונ׳ם פרייען ווילען, פון אינטימער איינגעליבטקייט, און דערפאר איז דאָ אין זיי די געבענשטע שותפות־שאפען, און דער אייגענער ריטם, וואס זינגט ארויס פון מקור.

זיינע איבערזעצונגען פון שעקספיר׳ס „קאריאלאנוס" און בייראָנ׳ס „קין" און „מאנפרעד"; ניטשע׳ס—„כה אמר זארא־טוסטרא", ראבינדראט־טאגאר׳ס 5 ביכער (אספי, פרי, גימני־אלי, הגן, חיטרא, הירח העולם); אָסקאר ווײלד׳ס—ממעמקים, און אלע איבריגע (צווישען זיי: האָמער און היינע) זיינען זעלטענע איבערזעצונגען.

פרישמאן איז געווען א שפראך־קינסטלער. ער האָט אויף אן אייגענארטיגען אופן פאראייניגט און אסימילירט אין זיך דעם ביבלישען גייסט פון דער העברעאישער שפראך. זיין שפראך זינגט אין אים. און דערפאר דערקענט מען כמעט ניט קיין שום קאָנטראסט צווישען דער אנטיק שפראך און זיין מאָדערנעם פיהלען. ער האָט זי באזיגט אזוי, אז ער איז געווען פריי פון יעדער שאָטען פון אלטקייט.

זיין סטיל איז א גרויסע דערגרייכונג, ניט נאָר פון שפראך־

שטאַנדפּונקט. ניטאָ קיין פּוסטע עפעקטען, ניט קיין אויסערלי־כער גלאַנץ איז דאָס נאָר אַן אינערליכער חן. איין וואָרט טוליעט זיך צום צווייטען, איין זאַץ איז איינגעפּאַסט אין צווייטען מיט ליבע און באַהעפטונג. אַ לויטערער סטיל.

און די דאָזיגע שפּראַך־ראַפינירטקייט האָט אים גערעגט צו קינסטלערישע איבערזעצונגען, האָט אים געטריבען צו געבען אַ תקון פיל זאַכען וואָס זיינען נאָך זיין מיינונג פאַרוואָגעלט געוואָרען אין אַנדערע שפּראַכען.

איך האָב געזעהן — האָט ער געזאָגט אַמאָל וועגען זיין איבערזעצונג פון „אַלזאָ שפּראַך זאַראַטוסטראַ" — אַז דער „גוי" ניטשע קלאַפּט זיך אין תנ"ך און ווייסט ניט ווי אַזוי אַריינצו־קומען. ער האָט געזוכט די תנכ'ישע פאָרם פאַר זיין נביאיש ווערק, און האָט זי ניט געפונען.

איז געקומען פרישמאַן און האָט אים געגעבען אַ ביבלישען תקון. אין טאַגאָרן האָט ער דערשמעקט דעם מזרח־מענש מיט דעם מזרח־גייסט. איז ער געקומען און האָט אים איבערגעדיכ־טעט אין דער תהלים שפּראַך. האָט טאַגאָר באַקומען זיין תקון.

די איבערזעצונגען פאַרנעמען ביי פרישמאַנען אַ גרויס פּלאַץ און ער האָט זעהר פיל אויפגעטאָן אויף דעם געביט. ער האָט עס באַטראַכט אַלס איינע פון זיינע וויכטיגסטע אויפגאַבען. אַ חוץ די אויבען־דערמאָנטע ווערק פון בייראָן, ניטשע, ווײַלד און טאַגאָר, האָט ער איבערזעצט „טאָים" פון אַנאַטאָל פראַנס, איבסענ'ס „נאָראַ", הערצעל'ס פעליעטאָנען, פּושקינ'ס לידער, אַנדערסאָנ'ס און גרימ'ס לעגענדען, שפּילהאַגענ'ן, שוהמאַכער'ס „בירעניקה" (וועלכע ער האָט איבערגעשאַפען), ליפּפּערט'ס: „היסטאָריע פון קולטור" אין 4 בענדער, בערנשטיינ'ס „נאַטור־וויסענשאַפט" אין 21 טיילען, און עליאָט'ס „דניאל דעראָנדאַ".

און דאָס אַלץ האָט געטאָן דער, וועלכער האָט גע'שמ'ט אַלס פעסימיסט און צווייפלער . . .

ג.

זיין קריטיק, איבערהויפט די ליטעראַרישע, איז איינע פון פון די אינטערעסאַנטסטע ערשיינונגען אין אונזער ליטעראַטור. אין תוך גענומען א שטימונגס־קריטיק, אימפּרעסיאָ־קריטיק — פאַרמאָגט זי אין זיך מעהר סאָציאַלע עלעמענטען ווי די געוואָרענע סאָציאַלע קריטיקער. איר מעטאָד — איז א ריין־אינדיווידועלער, אין גאַנצען א פרייע, אָבער אין תוך האָט זי א סאָציאַלען באַרוף. איר אינערליכע אונטערבאַוואוסטזיניגע טענדענץ איז צו דינען דעם לעזער, אים אַרויספיהרען פונ'ם פּלאָנטער פון פראַגען און פּראָבלעמען.

צו ליטעראַטור — זאָגט פרישמאַן — דאַרפען מיר צוגעהן פריי, אָהן שום אבערגלויבען, איינבילדונג און איינרעדעניש. אַזוי ווי ערשט געבאָרען, אַזוי ווי קיינמאָל נאָך ניט פאַרזוכט פונ'ם עץ־הדעת, נאַקעט — און לאָז אונז דאָס ווערק אָנקליידען, לאָז דאָס אונז אויסוועבען א ניי געוועב, א ניי לעבען, וואָס מיר זאָלען עס דערשפּירען צום ערשטען מאָל, — געקומען זיינען מיר מיט גאָרניט און אַוועק וועלען מיר מיט א ניי וואָרט, א ניי ליכט. און מיט דערזעלבער ליכט, פונ'ם ווערק אַרויסגעשטראַהלטען, וועלען מיר עס באַלייכטען, און דערזעהן דאָס שיינקייט וואָס אין דעם.

אָבער פרישמאַנ'ס „אַנאַרכיזם" האָט אָנגעהאַלטען נאָר אויפ'ן שטח פונ'ם אידישען לעבען, פון דער אידישער ליטעראַטור. ווי נאָר ער איז געקומען צו איירָאָפּא — האָט זיך דאָס אומבאַשטימטע, דאָס כשופ'דיג־נעבעלדיגע געענדיגט. אַהינצו האָט ער אונז גערופען, דאָרטען האָט ער אונז געוויזען דעם מוסטער און אויף איירָאָפּאַ געהייסען זיך פאַרקוקען.

און דאָ, דוקא אין דעם „איירָאָפּעאיזם", וועלכען ער האָט אַזוי באַנקרוינט און אַזוי באַשיינט אין אונזערע אויגען, האָט זיך אויסגעלאָזט דער אייגענאַרטיגער כח פון זיין קריטיק.

אין באַצוג צו אונז, זיינע אייגענע, זיין בלוט און פלייש —

אַזוי שטרענג, אַזוי אומדערבאַרמדיג, ניט געשאָנעוועט קיינעם. און צו זיי, צו די, וואָס שטעהען פון יענער זייט — אַזוי מילד, באמת „קריסטליך"־מילד. פול מיט יראת הכבוד. דער אַלטבאַ־קאַנטער השכלה־רעספּעקט פאַר די גוים.

הייסט עס, אַז די פרייהייט איז קיין פרייהייט ניט? הייסט עס, אַז ס'איז יאָ דאָ אַ דאָגמע, אַ גלויבען, אַ ליטעראַרישע מאָס — און דאָס איז אייראָפּאַ? פון איר זיך צו לערנען? מיר — דאָס אַלטע מזרח פאָלק, וואָס אין זיין שפּראַך קלינגען די עכאָס פון פאַרגאַנגענע תקופות, פון פאַרבאָרגענע צייטען? דאָ איז געוועזן זיין גלאַנץ — און דאָ איז געוועזן זיין שוואַכקייט.

מיט אייראָפּאַ האָט ער געשטורמט אונזער וועלט, צוגליהט אונזער שטענדיגען וואַנדער־גייסט, אונטערגעצונדען אונזער אָפּ־געשלאָסענקייט און שטאָלצע עלענדקייט — און מיט אייראָפּאַ האָט ער פאַרשלאָסען אַרום זיך אַ קרייז, אין וועלכען זיין פרייער גייסט האָט זיך געצאַפּעלט. ער האָט באַשיידען באַצייכענט דאָס אומדערגרייכבאַרע אין זיין געוואָגטער פאַנטאַזיע, אין זיין קרעמפּ־טיגען שטראָף־פּאַטאָס. אייראָפּאַ — דאָס איז געווען אַ פאַר־מינדערונג. אָבער אויב פאַר אים אַליין איז אייראָפּאַ געווען בלויז אַ קליינער פּירוש אויף אַ גרויסען חלום, איז פאַר דעם העברעאיש־אידישען לעזער געווען אין זיין אייראָפּעאישקייט אַ גאַנצע וועלט מיט איבערלעבונגען, מיט נייקייטען און רייצענדע רייכקייט. ער איז געווען אַ גלענצענדער פּאָפּולאַריזאַטאָר. ער האָט געהאַלטען אַן אויג אויף אַלע וויכטיגע קולטור ערשיינונגען אין דער גרויסער וועלט־ליטעראַטור, קונסט און פּאָליטיק — און האָט זיי פאָרגעבראַכט פאַר אונז. ער האָט געמאַכט זיין לעזער פאַר אַ שותף, פאַר אַ חבר צו אַלע ענדערונגען, רעגונגען, אָנ־וועהענישען פון דער ציוויליזירטער וועלט. און דאָס אַלץ איז געווען באַלויכטען מיט זיין אייגענעם חן, מיט זיין איינגעבוירע־נעם לירוזם און מיט זיין קלוגער סאַטירע.

זיינע „מכתבים על הספרות" (בריוו וועגן ליטעראַטור), זיי־נע גענויע קריטישע אָבהאַנדלונגען וועגן קינסטלער און וויכטיגע ליטעראַרישע ערשיינונגען, זיין אַנטייל נעמען אין צייטיגע ליטע־ראַטור־ און קונסט־דעבאַטעס, וואָס האָבן באַאומרוהיגט די שרייבער־וועלט אין איראָפּאַ — און פאַרשטעהט זיך אויך ביי אונז — האָבן אים געמאַכט פאַר'ן אַקטועלסטען און אינטע־רעסאַנטסטען צווישען די שרייבער. און כל ימיו איז ער געווען אַ צענטראַל־פיגור אין אונזער ליטעראַטור. די אינגסטע שבאינג־סטע האָבן זיך געטוליעט צו אים, ווייל אין אים האָבן זיי געזעהן דעם סוד פון ניט־פאַרעלטערטקייט. ער איז געווים ניט געווען קיין „מבקר מומחה" — אַ ספּעציאַליסט־קריטיקער, וואָס פאַר זיי איז ליטעראַטור אַ געגענשטאַנד פון וויסענשאַפט און זיי אַנאַליזירען עם מעטאָדאָלאָגיש. ער איז אויך ניט געווען קיין מוז־קריטיקער, וואָס מאַכט די קריטיק פאַר אַ „קרדום לחפור בה" — אַ פּרנסה־זאַך — ער איז געווען אין גאַנצען פריי צו קריטיקירען נאָכ'ן בארוף. קריטיקירען נאָכ'ן אינערליכען רוף פון ריינער ליבע — און דאָך האָט ער פאַרשטאַנען די אַלע מינים קריטיקער. ער האָט פאַרשטאַנען דעם טאָג־טעגליכען רע־צענזענט, וואָס מוז שרייבען רעצענזיעס וועגן נייע ביכער פאַר זיין צייטונג; פאַרשטעהט זיך, אַז די אַרבייט איז אַ טעכנישע, אַ וואָכעדיגע, אָהן גייסט, אָהן נשמה. ער האָט אויך פאַרשטאַנען דעם „געלערענטען" קריטיקער, דעם אָביעקטיווען אַנאַליטיש־ווי־סענשאַפטליכען קריטיקער, וואָס „געהט אַרויס פון אַ שטאַנד־פּונקט" און קלייבט צונויף בלעטלעך, אייגנס צום צווייטען, שטור־קעוועט צונויף אבר צו אבר, פאַרטייטשט, ערקלערט און סאָר־טירט — אפשר אַ דאַנקבאַרע אַרבייט, אָבער ניט קיין ליטעראַטור־קריטיק איז דאָס.

די אמת'ע קונסט קריטיק איז ראשית כל אַ ברידערליכע האַנט צום קינסטלער. זי איז אַ מיטליידען, אַ מיטשאַפען, אַ

מיטזינגען. קריטיק איז אויך קונסט. קריטיק איז אויך שאַפען. דער קונסט קריטיקער איז דער ערשטער ברודער וואָס האָט זיך אָפּגערופען פון דערוויטענס אויפ'ן רוף פון זיין ברודער־קינסטלער. דורך נאַכט און פרעמדקייט האָט ער זיך אָפּגערופען און געוואָרען זיין מבשר, זיין ערשטער אָנזאָגער, אַן אָנזאָגער פאַר אים — און דערמיט פאַר זיך אַליין . . .

## ד.

זיין תיקון האָט פרישמאַן געפונען אין פעליעטאָן. דאָ איז געווען זיין שבת'דיגער אָפּרוה. ער האָט אומעטום געזוכט יום־טוב'דיגקייט. שרייבען וועגען אַ בוך דאַרף מען נאָר דאַן ווען מ'פיהלט די שמחה פון שאַפען. דער ערשטער געבאָט איז— באַציהונג. אַן אייגענע באַציהונג צו זאַכען, און נאָכדעם קומט דאָס פאַרשטעהן און נאָך דעם קומט דאָס דערגרייכען. אין דעם ליגט פרישמאַנ'ס תמצית: אַ לעבעדיגע באַציהונג צו זאַכען, אַן אייגענער צוגאַנג צו אַלעם. איידער אַ מצוה וואָס „טאַטע מאַמע און אַלע פרומע לייט הייסען" און דו אַליין ווייסט ניט — בעסער אַן עבירה, וואָס איז געבוירען געוואָרען פון דיין פאַר־לאַנג, פון דיין מענשליכער גלוסט.

דערפאַר האָט ער אַזוי געהאַסט און זיך אויסגעלאַכט פון די קעסטעלעך און רינגעלעך פון די פאַרשידענע טעאָריעס. וואָס איז אַזוינס רעאַליזם ? און וואָס איז אידעאַליזם ? און וואָס איז מאָדערניזם ? פאַלשע קוויטלעך אויף צאַפּעלדיגע, לעבעדיגע ווזענס. מ'פירט איין שולען און מעטאָדעס און סיסטעמען. ס'זאָל ווערען ענגער און הייםליכער. ער איז געווען אַקעגען קאַנאָן, אַקעגען פאַרפרוירענער פאָרם וואָס איז אומבאַוועגליך. זיין דרך איז געווען: שוועבען, אָנקלאַפּען אין אונזערע טירען און לאָזען אַ בשורה, און וואַרפען אַן אָנזאָג, און געבען אַ בליץ — און ווידער פאַרשווינדען.

דאָס איז זיין פעליעטאָן.

פרישמאַנ׳ס קינסטלערישער פעליעטאָן איז דער קנויל אין וועלכען ס׳זיינען פאַרוויקעלט די פעדים פון זיין קריטישער עסיי, פון זיין לירישער, חנ׳עווודיגער נאָוועלע און שטיל־עלעגיש ליד. די אָפּגעשטעלטע, אָנגענומענע פאָרמען פון ליטעראַטור זיינען אים ענג — און ער רייסט פון זיך שטענדיג די קייטען. ווייל ער האָט ליב געהאַט פרייהייט, און ניטאָ נאָך פאַר אים אַזאַ פרייע פאָרם ווי די פאָרם פון פעליעטאָן. דאָרט האָט ער געפונען אויס־דרוק פאַר זיין פילפאַרביגקייט, פאַר זיין שפּיל און ערנסט, פאַר זיין פרייד און טרויער, פאַר זיין חלום און וואָר. די דינע זיידענע שנור פון זיין ראַפינירטען „איך״ האָט זיך געשלענגעלט און געפלאָכטען דורך די שורות פון די חנ׳עווודיגע פעליעטאָנען זיינע.

ה.

פרישמאַנ׳ס לידער, ערצעהלונגען און לעגענדען צייכענען זיך אויס מיט זייער נאַאיוויטעט און פשטות. דאָ איז פרישמאַן אַ קינד — און אויך אַ קינסטלער פאַר קינדער. ער האָט זיך איבערגעלאָזט די דאָזיגע וועלט פאַר אַן אָפּרוה. דאָ וויל ער דאַוונענען ביחידות און געמיטליך. זיינע לידער זיינען ווי געזונגען פאַר זיך אַליין און ניט פאַר קיינעם. און אויב איר וועט צוגעהן צו זיי מיט דער מאָס, וועלכע איר באַנוצט צו פרישמאַנען בכלל און אויך ווי ער, פרישמאַן דער קריטיקער, באַנוצט זי צו אַנדערע — וועט איר זיין ענטוישט. נאָך זיינע עסייען און פעליעטאָנען, זיינען זיינע לידער אַן אָרימער צוגאָב. דער ערלי־כער צאַפּל, דאָס בין השמשות׳דיגע זוכעניש זיינען פיין, אָבער פאַר קיין פּאָעט אין אונזער ליטעראַטור מאַכען זיי אים ניט.

אין דעם איז ער געגליכען צו פרץ׳ן, וועלכער האָט זיין עולם־הבא אין אונזער ליטעראַטור פאַרדינט ניט מיט׳ן זכות פון זיינע לידער.

זיינע ערצעהלונגען זיינען געבויט זעהר נאַאיוו און איינפאַך. ס'רוב פון זיי האָבען אַ „אידעע־פיקס", אַ באַשטימטען פינטעלע, פון וועלכען זיי געהען אַרויס און צו וועלכען זיי קומען צוריק. די גרעסטע טייל פון זיינע ערצעהלונגען זיינען ביישפיל־ערצעה־לונגען; אָט זעהט וואָס פון אַ מענשען קען ווערען אַ דאַנק אַ קליינינקייט. יאָ, אַ קליינינקייט — דאָס איז די סיבה פון אַלע גרויסע געשעהענישען אין אונזער לעבען.

צוליב געטהע'ס לידער און בעטהאָווענ'ס מוזיק ווערט די שיינע יתומה אסתר אַריינגעצויגען אין דער גוי'איש־פּריציש־אַרטיסטישער וועלט, שמד'ט זיך, ווערט אַ גרויסע זינגערין און ווערט לסוף דערשטיקט פון איר משוגענער מוטער.

איבער איין ניט יאָרצייט שטעלען, איבער איין ניט קדיש זאָגען ווערט דער אָרימער יתום משה אַ דאָקטאָר: דר. מאָריץ שטשיפּאַנסקי.

איבער דעם, וואָס קלמן דער שדכן קען ניט קיין געאָגראַפיע, גיט ער אַריין זיין זוהן אין גימנאַזיע — כדי ער זאָל יאָ קענען געאָגראַפיע — און ער ווערט אַ דאָקטאָר — דאָקטאָר מאַקסי־מיליאַן פינקעלשטיין.

אגב: דאָס נאָמען־בייטען, דאָס איבעראַנדערשען זיך שפּילט אין זיינע סקיצען און הומאָרעסקען אַ גרויסע ראָל. אים אינטריגירט פאַרענדערונג אין לעבען, דער קאָנטראַסט צווי־שען יוגענדליכען תמימות און פאַר'חלומ'טקייט, און דעם מיטעל־יאָריגען, רייפען לעבענס־באַנעם — ווען אַלעס איז ווי דערגרייכט און דאָך ניט דערגרייכט. פון אַן אָרימען יתום, משה, איז טאַקע געוואָרען אַ דאָקטאָר, מאָריץ שטשיפּאַנסקי; פון דער קליינער, שיינער אסתר'קע איז טאַקע געוואָרען אַ גרויסע זינגערין, פאַר וועלכע גראַפען ווערען די כפרה און איינער פון די גרויסע אַדעליגע טרינקט ווייך פון איר שיכעל — און זי האָט הנאה. אָבער וואָס איז געוואָרען דער סוף? — זי האָט די אייגענע

מאמע דערשטיקט און בלאָנדזשעט ארום א משוגענע מיט קאַפּיט־לעך תהלים אויף די ליפּען.

זיין בעלעטריסטיק, די רעאַליסטישע, איז א פּאָקוס־פּיקסי־רענדע, וואָס כאַפּט ארויס איין קליינינקייט און מאכט זי גרויס, וויכטיג, פאַלגרייך. דאָס איז א ספּעציעלע אונטערשטרייכונג. זיי האָבען א אינערליכע, איבערצייגענדע קראַפט פאַר'ן יונגען לעזער, זיי פירן אים גוטמוטיג און פריינדליך דורך א שווערען וועג פון זיין קינדערשען היינט צום טונקעלען אומבאַוואוסטען מאָרגען. ווער קען דען פאַרגעסען דעם איינדרוק וואָס „תתחדש" האָט געמאַכט אויף אונז אין די קינדער יאָרען?

און אויב זיינע רעאַליסטישע סקיצען זיינען אַזוי פול מיט'ן קינדהייט־גייסט, זיינען זיינע ביבלישע לעגענדען (די סעריע: במדבר), די לעגענדען פון אונזער נאַציאָנאַל־מענשליכער קינד־הייט. ער האָט א באזונדערע פאַרשטענדעניש פאַר די אוראַלטע מאָטיוועז פון אונזער היסטאָריע. זיין שפּראַך האָט זיך צונויפ־געגאָסען אין וואונדערליכער האַרמאָניע מיט דעם ריטם פון דער פאַר־ביבלישער און ביבלישער צייט, און ער האָט דערשפּירט דעם לעבעדיגען דופט אין געשעהענישען, וואָס ווינקען צו אונז פון די טיפע ניט דערזאָגטע שורות פון חומש. ער האָט אויסגעפונען העלדען, אינדיווידועלע ערשיינונגען, און האָט צוגעגעבען א פּסיכאָלאָגיש־סאָציאַלע פאַרב צו האַלב־פאַר'חלומ'טע זעהונגען.

פאַרשטייט זיך, זיי זיינען געוואָרען פיל מאָדערניזירט, „פאַרהיינטיגט", נאָר דערפאַר אַזוי נאָהענט און פאַרשטענדליך. דאָס איז געווען א קלוגער, געלונגענער צונויפשפּיל פון היינט און נעכטען, לעבען און טויט אויפ'ן פעלד פון לעגענדע. די לעצטע לעגענדעס זיינע זיינען נאָך מעהר געוואָרען פאַרטיפט אין זיך, נאָך מעהר באַקומען זייער אייגענטליכען באַדייט.

און אויף די דאָזיגע פליגלען האָט ער ארייגעשוועבט אין היכל פון לעגענדע . . .

# י. ח. ברענער

אבי—גלות מרה,
אמי—דלות שחורה.
ח. נ. ביאַליק.

זיין לעבען און זיין שאַפען —ביידע טונקעלע און טרויע־ריגע — זיינען אַ פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם. אַליין אַ פאַרצאָרג־טער און אַ פאַר'יאוש'טער, כמעט אַ נאַכטיגער — און דאָך איז ער געוועזן, אין גרונט גענומען, פאַר דער וועלט אַ מענש מיט אַ גרויסער ערמוטיגונגס־קראַפט, מיט אַ רוף צום לעבען, מיט אַ חשק צום גלויבען. לפנים — אַ צושטערער, מיט פּרימיטיווע לײַדענשאַפטען און אין תוך אַ טרייער ברודער, אַ ליידענדער חבר, אַ קולטור־בויער, אַ ליטעראַטור־שאַפער. אַ נערוועזער פּובליציסט, אַ גיפטיגער קריטיקער און מיט אַ טיף־ערליכע בענ־קעניש נאָך אמת'ער קונסט.

פרעגט זיך: וואו זשע איז דער ריכטיגער וועג אין דעם דאָזיגען כאָאָס? און וואָס איז דער תוך פון ברענער'ן? און אין וואָס ליגט דער כח פון זיין השפעה אויפ'ן דור?

## א.

דאָס ערשטע ביכעל ערצעהלונגען און סקיצען פון ברענער'ן, וואָס „תושיה" האָט אַרויסגעגעבען—אין יאָר תרס"א—הייסט „מעמק עכור" — פונ'ם טרויער־טאָל. דערמיט האָט דער יונגער שרייבער געוויזען פון וואַנען ער קומט צו אונז, וואו ער לעבט, און וואוהין ער געהט. אין זיינע ערשטע יאָרען האָט ער נאָך געדאַוועגט ביחידות, געשריבען, געוויינט און געקריצט מיט די ציין פאַר זיך — אָבער, אין די שפּעטערע יאָרען, האָט ער אויך אונז אַריינגעכאַפּט, פאַרוואַנדעלט דעם אייגענעם חורבן אין אַן אַלגעמיינעם, און פון דעם אינדיווידועלען פּערזענליכען פּעסימיזם האָט זיך אויסגעשיילט אַן אַלגעמיין נאַציאָנאַלער מענשליכער. אָבער דער תוך, דער גרונד־גייסט פון זיין לעבען, דער מהות פון זיין שאַפען האָט זיך אָנגעהויבען פון זיינע ערשטע סקיצען און דאָס איז געווען — דער אומרו.

ברענער איז געווען אַן אומרו. אונזער אומרו. דאָס איז געווען זיין צייכען, דאָס איז געווען זיין באַרוף—און צו אומ־רוהיגע גייסטער האָבען מיר אַ „שוואַכקייט", ווילען זיך באַ־פרייען פון זיי — און גאַרען נאָך זיי, ציטערען פאַר זיי — און בוקען זיך מיט הכנעה. מיר זוכען רו — און בייגקען נאָך אומרו. קומט אַ הערבסטיגער טאָג, מיט זיין אונענדליכען אומעט, וואָס דריקט אונז ווי בליי — פּרעסען מיר זיך צונויף ערגעץ אין אַ ווינקעל, ווילען זיך פאַרגעסען, ווילען זיך פאַרטרוימען — קלאַפּען אָבער אָן די רעגען־טראָפּען אין פענסטער, בעטען זיך די דאָזיגע קליינע גלגולים ביי אונז און דערמאָנען אונז, אַז מ'קען זיך ניט פאַרגעסען — אין דרויסען געהט אַ רעגען — און ס'קומט דער גרויסער אומרו. מאַכט זיך ווידער אַמאָל, אַז אין אַ ווינטער־נאַכט, אַ קאַלטע און אַ פרעמדע, נעמען מיר זיך צונויף, אַ פּאָר עלענדע חברים אין דער פרעמד, קוויקען זיך מיט אַ שטיקעל הערינג, וואַרעמען זיך מיט אַ גלעזעל טיי און ביי דעם שיין

פון אַ ליכטעל ווילען זיך פאַרטיפען אין פּאָעזיע—ס'איז דאָ אַזוינע שעהנע לידער, וואָס טרוימער האָבען געשריבען. קלאַפּט אָבער אָן די זאַווערוכע און אין איר קול הערט זיך דער גסיסה־געוויין פון די אָרימע און עלענדע, וואָס ווערען ערגעץ פאַרפרוירען אין דרויסען, ווייל זיי האָבען ניט קיין הויז, ווייל זיי האָבען ניט קיין רו—צוואָוויינט זיך דער גרויסער אומרו.

דאָס איז ברענער'ס עלעמענט.

ער ווייס, אַז אונז איז די פרייד טייערער ווי טרויער, „די שיין נאָהענטער פון פינסטערניש", די רו ליבער פון אומרו— אָבער ער קען די אויגען ניט פאַרשטעלען. ער ווייסט, אַז דער ליכטיגער טאָג איז נאָך ניטאָ, דאָס האָבען מיר — אין יאָגעניש נאָך טרייסט — געקרוינט די נאַכט פאַר טאָג. ער ווייסט, אַז ערגעץ־וואו איז דאָ ליבע, שעהנקייט, העלדענטום, מסירת נפש, ערגעץ־וואו — אָבער ניט דאָ.

שוין אין ערשטען ביכעלע זיינעם שטעהט אויף פאַר אונז אַ וועלט, אַ פאַרוועלקטע און אַן איינגעדאַרטע. אַרום און אַרום: אָנגעכמורעטע, ברוגז'ע פּנים'ער, וועהטאָג'דיק פאַרוויינטע, אויס־געלאָשענע אויגען, אַלטע מוידען, וואָס קענען צו קיין שדוך ניט קומען, איינגעפאַלענע בריסטען פון יונג־פאַרעלטערטע מו־טערס, וואָס האָבען ניט וואָס צו געבען זייערע „ממזרים" צו זויגען, מאַמעס וואָס דערשלאָגען זייערע עופ'עלאַך צום טויט און פאַלען אַליין חלשות. עסען עסט מען „קדחת", שמעקען שמעקט מיט קינדער־קויט, הערען הערען זיך קללות און געשרייען.

און דאָס רופט מען לעבען, און אויף דעם וויל מען בויען ווייטער, און דאָס וויל מען אפילו „פאַרעסטעטעווען". די דאָזיגע שטאַרקע שנאה זיינע צו פאַרפיינערען, פאַרפּוצען די שרייענדע מיאוסקייט פונ'ם לעבען, די שרעקליכע אונסימעט־רישקייט, זיין טיפע געגנערשאַפט צו פאַרבינדען די טיפע לעבענס־גרונדען מיט דעם דינעם פּאָעזיע־שטאָף. אָט דער דאָזיגער „אַנטי־עסטעטיזם" האָט אים זעהר טייער געקאָסט, האָט ביי אים אַוועק־

גערויבט דאָס שענסטע קינסטלערישע, וואָס ער האָט בפירוש יאָ פאַרמאָגט, האָט ביי אים צוגענומען די רוהיגע, עפּישע און פּלאַסטישע בעאָבאַכטונג, וואָס האָט קיין תקון ניט געפונען — און איצט שטעהען פאַר אונז זיינע ווערק ניט ווי אַ גאַנצער קינסטלערישער בנין, נאָר ווי אָפּגעבראָכענע מויערן וואו ס'טליהעט אָהן אויפהער דאָס שטילע פייער פון אַ נשמה אַ פאַרברענטער.

און כדי טאָקי אין גאַנצען אָפּצולייקענען די ווערט פון'ם „שרייבען לשם שרייבען", און כדי מיר זאָלען זיך ניט אָפּנאַרען און לאָזען זיך פאַרפירען פון'ם אויסערליכען גלאַנץ, האָט ברענער ניט נאָר אויסגעקליבען אַלץ פינסטערע, „פּעסימיסטישע" טעמעס, נאָר ער האָט ווי בכיוון זיין סטיל צובראָכען, כדי ס'זאָל נאָר אַרויסשרייען אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט, דער גרויסער אומרעכט, די נאַקעטע שאַנדע. ברענער האָט כל ימיו געשריבען אויף איין שפּראַך — העברעאיש. און זעהט וואָס פאַר אַ שפּראַך ער האָט: אַ נערוועזע, אַנאַרכישע, צוברעקעלטע, ניט־איינהייטליכע, ניט־ריינע—ממש אַ „זשאַרגאָן". און דער סטיל איז אין גאַנצען אַ דיסהאַרמאָנישער, אַ צוטומעלטער, אַ אָנגעוועהטאָגטער און אַ צוריסענער. ער האָט ליב די לאַנגע, אָפּגעהאַקטע „ווייבערשע" דיאַלאָגען מיט אַ סך שטומע אידיאָמאַטישע אויסגעשרייען, מיט צושפּאָלטענע ווערטער, מיט האַלבע פראַזען וואָס קומען פון אַ שווערען געמיט, בשעת אַרום און אַרום הערט זיך דער געשריי פון די הונגעריגע, פאַרצאַפּעלטע, וויינענדיגע קינדערלאַך.

און דאָרט וואו ער אַליין דערצעהלט איז דאָ אַזאַ מין געדיכטקייט, אַזאַ ניט־קיין־פּראָפּאָרציאָנעלע צוטיילונג פון פאַרבען. איין זאַץ רייסט זיך אַריין אין אַנדערען, איינער שטופּט דעם צווייטען און ביידע ווילען אונטערשרייבען דאָס שוואַרצע, דאָס שווערע, דאָס ביטערע.

ברענער איז געווען אַ טיף־תכלית'דיגער שרייבער. ער האָט שטענדיג עפּעס געוואָלט, תמיד עפּעס געמיינט, און קיינמאָל —

ניט געזאָגט קיין „שירה לשם שירה". דאָס האָט ער אַזוי פלייסיג געאַרבייט איבער — דעם אַרטיקעל וועגען דעם הארטען יהודה ליב גאָרדאָן און האָט ביי אים געזוכט אַן ענטפער אויף די אומ־רוהיגע פראַגען פון אונזער לעבען, דאָס האָט ער אָנגעשריבען אַ לאַנגען און שווערען אַרטיקעל וועגען מענדעלי'ן און האָט אין אים געזוכט אונזער אייגענע אָפּשאַצונג (הערכת עצמנו בשלשת הכרכים) און דאָס האָט ער געזוכט אין שאול טשערני־כאָווסקי'ס לידער די אַרבייט־אידעע.

— איז ער געווען טענדענציעז ? —

אויב טענדענציעז הייסט — שטענדיג זיין געפּייניגט פון אַן אינערליכען דראַנג און שטרעבען צו אַן עטישען תיקון — איז ברענער געווען טענדענציעז.

און דאָ באַקומט ער זיין גרעסטע השפּעה פון דער רוסישער ליטעראַטור. און זי, די רוסישע ליטעראַטור, איז דאָך דורך־און־דורך „טענדעציעז": אָנהויבענדיג פון דאָסטאָיעווסקי'ס פּאַן־סלאַוויזם און וועלט־ערלייזונג, דורכגעהענדיג טאָלסטאָי'ס קריי־סטוס־אינדיווידואַליזם און גאָרקי'ס „באָסיאַטשעסטוואָ" ביז מע־רעזשקאָווסקי'ס און ראָזאַנאָוו'ס „גאָט־זוכעניש" — איז די רו־סישע ליטעראַטור די גרעסטע מאָראַליסטישע, „גאָט־זוכערישע" ליטעראַטור אויף דער וועלט.

ברענער, וואָס האָט די יוגענד־יאָרען פאַרבראַכט אין רוס־לאַנד, דאָרטען געליטען, דאָרטען געוואַקסען, איז ביז'ן סוף פאַרבליבען אַ רוסישער אינטעליגענט, האָט אין ירושלים געבענקט נאָך האָמעל.

דערפון נעמט זיך דאָס, וואָס אַ סך האָבען ליב אים צו פאַר־גלייכען צו דאָסטאָיעווסקי'ן, צום רוסישען פינסטערען ריעז. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס טאָר מען ניט טאָן — אָבער אַז ער איז נאָהענט געווען צו דעם גייסט — אין דעם איז קיין ספק ניטאָ. — אין אים האָבען זיך פאַראייניגט די אידישע אומרוהיגקייט — דער אייביגער נע־ונד'ניק און דער אמת־זוכער — מיט דער דור־

סישער זעלבסט־פייניגונג. ברענער האָט געשריבען סקיצען, ערצעהלונגען, ראָמאַנען (געפּרובט אויך דראַמע, קריטיק און פּובליציסטיק — כמעט אַלע פאָרמען פון ליטעראַרישען שאַפען) און אומעטום איז ער געווען דער זעלבער. מער פון אַלעמען האָט געליטען, פאַרשטעהט זיך, ברענער דער קינסטלער, ברענער דער ערצעהלער און ראָמאַניסט — נאָר אַלס אַ גאַנצע לעבענס־פאָרמע, אַלס אַ פייערדיגער, גליהענדער ראָמאַן איז ברענער'ס שאַפען אויסגעהאַלטען אין אַלע זיינע ווערק: אין זיינע פיבער־האַפטע, דורכדרינגענדע סקיצען, ווי אין זיין שאַרפער, בייסענדער און קאָנסטרוקטיווער קריטיק, אין זיינע האַלב־קינסטלערישע ראָמאַנען ווי אין זיינע פייערדיגע, פול מיט פּאַטאָס און קראַפט, פּובליציסטישע אַרטיקלען און קורצע, טרעפענדע רעצענזיעס.

## ב.

ער איז געווען ניט נאָר אַן ערצעהלער און אַ ראָמאַניסט, ניט נאָר אַ קריטיקער און פּובליציסט—ער איז געווען אַ וויכטיגע קולטורעלע קראַפט, אַ ליטעראַטור־בויער. ער האָט זיך אָפּגערו־פען אויף אַלע וויכטיגע פראַגען פון אונזער לעבען, ער האָט נייגעריג און פול מיט ליבע נאָכגעשפּירט אַלע ליטעראַרישע ער־שיינונגען אונזערע, קריטיקירט, רעצענזירט, געשטאַרקט דאָס גוטע, ענטמוטיגט דאָס שלעכטע, אַליין אַרויסגעגעבען און רע־דאַקטירט זשורנאַלען און זאַמעלביכער, איבערזעצט, גערופען צו אַרבייט, קאָנצענטרירט אַרום זיך די בעסטע און יונגסטע, די ריינסטע און פעהיגסטע, שטענדיג אַרומגעוואַנדערט און אומע־טום געשאַפען, און צום שאַפען גערופען דורך קורצע בריוולאַך, בריוולאַך וואָס האָבען געמוזט עפּעס אַרויסרופען: זיצט ער אין לעמבערג—גיט ער דאָרטען אַרויס די זאַמעלביכער „רביבים", ווערט ער מגולגל אין לאָנדאָן — גיט ער אַרויס און דרוקט אַליין — אנשטאַט דעם בחור הזעצער, און קלעפּט מאַרקעס און צושיקט אַליין דעם בארימטען „המעורר", וואָס פאַרנעמט אַ

באזונדער פלאץ אין דער נייער העברעאישער ליטעראטור. קומט ער צום סוף קיין ארץ ישראל, באטייליגט ער זיך כמעט אין אלע ארבייטער־אויסגאבען, אין „הפועל הצעיר", „האחדות", „קונטרס" און רעדאקטירט די זאמעלביכער „בשעה זו" (אין צייט פון קריג) און דעם מאנאטליכען זשורנאל „האדמה".

צו דער זעלבער צייט זעצט ער פאר אויך זיין בעלעטריסטישע ארבייט, גיט ארויס (אין שטיבעל פארלאג, אין ניו יארק) א ראמאן — דעם לעצטען ראמאן זיינעם — „שכול וכשלון".

איינער פון די פראדוקטיווסטע ליטעראטור ארבייטער, איי־נער פון די פרוכטבארסטע שרייבער.

און דערפאר וואס ער האט אזוי לײדענדיג אליין שטענ־דיג געשאפען, אליין שטענדיג געטאן, — האט מען דרך ארץ געהאט פאר זיין פערזענליכקייט, און דערפאר וואס ער האט אזוי אומדערבארעמדיג אראפגעריסען אלע מאסקעס, אזוי אכזריות'דיג געקעמפט מיט'ן פארעווען קליינפעקעלדיגען נאציאנאלען „רענעסאנס", פארשפיגען די קליינע, פאלשע „אמת'ן", שטרעבענדיג צו א העכערען אמת, צו א ממשות'דיגען לעבען — האט מען אפשיי געהאט פאר אים און אפילו זיינע געגנער האבען טיף אין הארצען מורא געהאט פאר אים און אים געאכטעט. ווייל דער מענש איז געווען מרה־שחורה'דיג ערנסט, אזוי ווי פרומע אידען צו כל־נדרי, ער האט זיך קיינמאל מיט קיין שעהנע פראזען ניט געווארפען, קיינמאל קיין אומנאטירליכע פאזע ניט אנגענומען — זיין לעבען איז געווען דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון אונהויפערליכער זעלבסט־לייטערונג, מיט'ן שטענ־דיגען שטרעבען צו עהרליכען שאפען, צו ארבייט און טאט. ער האט געוואוסט אז מיר לעבען אין אן אלטער, איינגעפאלענער חורבה, די לופט ארום אונז איז פארפעסטעט, די יסודות זיינען פארשימעלט — און מיר מוזען אלעס פאררעכטען און אלעמאל איבערפארבען, אזוי ווי דער בעל הבית פונ'ם העלד אין „לא כלום" (גאר ניט) פארבט איבער אלע מאל זיין סוכה'לע.

מיינט ניט, אז ער איז אזוי נאאיוו צו איינרעדען זיך פאר־שידענע „נארישקייטען", פארוויגען דעם געווייסען מיט זיסע קינ־דישע חלומות — ניין, ער גראדע האט שוין אלע וועגען דורכ־געבלאנדזשעט, אלע טירען דורכגעגאנגען—און ערשט איצטער איז ער געקומען צום באשלום, אז מען מוז אויף זיך ארבייטען, אז מ'מוז זיך לייטערען. ווייל ס'איז ניטא וואוהין צו געהן. ברע־נער'ס פעסימיזם איז דער לעצטער עטאפ. נאך אים איז שוין ניטא וואוהין צו געהן. דער נאמענלאזער העלד פון „לא כלום" (וואס דארף ער א נאמען? איז ער ניט דער זעלבער שאול גמזו, ניט דער זעלבער יחזקאל חפץ, ניט דער זעלבער ירמיהו פייער־מאן א. א. וו.?) האט שוין געהאלטען ביי א זעלבסטמארד — און ער איז עס ניט באגאנגען. פארוואס? דערפאר וואס ער גלויבט ניט אין דעם וואס וועט קומען נאכדעם. שאול גמזו פון „בין מים למים" וואלט אויך געגאנגען פון דער וועלט נאר ס'איז ניטא וואוהין צו געהן. מיר זיינען אריין אין א טעמפען ווינקעל, און ווייטער געהן קען מען ניט. מ'האט אונז אריינגע־ווארפען, ווי יחזקאל חפץ'ן, אין דעם דאזיגען משוגעים־הויז, וואו די פארשידענע משגיחים און משרתים שלאגען אונז, וועלענדיג ארויסטרייבען פון אונז דעם משוגעת, מיר זיינען „שבר למטה, שבר למעלה ושבר באמצע" (געבראכען פון אונטען, געבראכען פון אויבען, געבראכען אינמיטען).

די גאנצע וועלט געפינט זיך אין דעם דאזיגען ווינקעל — אין גלות, און מיר, אידען, זיינען צוויי מאל אין גלות. אין גלות ביי דער וועלט און אין גלות ביי זיך. דערפאר, אז מיר'ן קומען אהין, קיין ירושלים, וועלען מיר . . .

ווי־זשע זעהט אוים ירושלים?

אין זיין לעצטען ראמאן „שכול וכשלון", וועלכען מען וואלט אייגענטליך געקאנט אנרופען „ירושלים — די שטויב־פאעמע", כאפט אונז ברענער אן פאר די האר פון קאפ, ברענגט אונז צו טראגען צו דער הייליגער שטאדט, צום כותל מערבי — און ווי־

קעלט פאַנאַנדער פאַר אונז אַזאַ מין בילד, וואָס נאָכדעם איז שוין טאַקע קיין וועג ניטאָ און קיין אַנדער עצה ניט, נאָר אָנ־באַפּען דעם קאָפּ און אים צוקלאַפּען אָן דעם אַלטען כותל מערבי און דערביי אויסגעהן מיט אַ שטומער קללה.

„איך בין אין ירושלים, איך בין אין ירושלים" — שעפּ־טשעט חפץ פאַר זיך. און ער הערט און ער זעהט: שנאָרערס, געפּאַלענע ברואים, חלוקה'ניקעס, רכילות'ניקעס, קראַנקע, אָפּ־געלעבטע מעקלערס, וואָס לעבען פון לופט און וואַרטען אויף דער חלוקה פון חוץ לארץ. אַ שטאָדט וואו עס איז דאָ אַ סך מאָס־קיטעס, וואָס בייסען, אַלע רייסען זיך ארויס פון דאָרטען — פון ירושלים, וועלכע דער אַלטער, קראַנקער למדן ר' יוסף חפץ, וואָס באַשטעהט בלויז פון פּסוקים און פּשט'לאַך, פאַרטיידיגט און לויבט אַזוי: ירושלים, ירושלים — — —

„זאָל מען צו־וואַרפען די וואַנט", איז דער פאַרלאַנג פון איינעם, און לאָז ניט זיין מער קיין זכר פון אונזער שאַנדע.

ס'איז שווער הנאה האָבען פון ברענער'ן. ער וועט אייך ניט לאָזען זיך אָפּרוהען, אריינאָטעמען אַביסעלע פרישע לופט, זיך דערטרייסטען — ברענער פּייניגט, ווייל ער זעהט דוקא דעם כלל, די גרויסע, די פינסטערע, ליידענדע מאַסע בשעת זי איז הונגעריג און שטופּט זיך צום פאַרטוך פון פאַרטייל. אין איינע פון זיינע לעצטע זאַכען „המוצא" מאָלט ער נאָגענד־וועה־טאָגדיק דעם טומעל אין ארץ ישראל בשעת דער מלחמה, ווען אַלע טאָג פלעגען דורך דער קאָלאָניע דורכגעהן פרישע עמיגראַנ־טען, פליכטלינגע, וואָס האָבען מיט זיך געטראָגען הונגער, נויט און אַנשטעקענדע קראַנקהייטען. וואו זיי געהען דורך ווייל מען זיי ניט אריינלאָזען — מען האָט מורא פאַר דער מגפה. מיט וואָס פאַר אַ זעלבסט־פּייניגונג און איבערגעבענהייט מאָלט ער אין דריטען קאַפּיטעל די סצענע וואו דער אַלטער אַרבייטער־לערער טראָגט ארויס פאַר דער מאַסע זיין ברויט און פאַרטיילט עס צווישען די הונגעריגע: „שאָטען פון מענשען. זקנים מיט

זקנות. מען ליגט פונאנדער די צואוואָרפענע פעקלאַך, ווייבער מיט צושפילעטע העמדער, מיט צוכראַשטשעטע בריסטעז. מייד־דעלשע פנימ׳ער וואָס בייגקען נאָך וואָסער, און וואָס דער יוגענד־געשטאַלט האָט זיך פון זיי שוין אָפּגעטאָן. זיבען־אַכט אַלטע אָבגעבליאַקעוועטע „יתומים״. עס הויבט זיך אָן אַ גערודער. יעדער וויל פאַרכאַפּען אַ חלק (אָ, ווי מען שלאָגט זיך פאַר׳ן שטיקעל ברויט!). שרייט איינער, אַן אמת־זוכער: „אידען, כאַפּט זיך ניט, קריגט זיך ניט! מ׳דאַרף צוטיילען מיט אָרדנונג, מיט יושר. גלייך אויף גלייך, נאָכ׳ן צעטעל! צורייסט ניט דעם אַל־טען אויף שטיקער!״. שרייט אַן אַלטע: „אוי, ברויט! דאָ איז דאָך ענגלאַנד, מ׳גיט ברויט! . . . שרייט אַ דריטער, אַז דער קאָמיטעט איז אַ שווינדלער, ימח שמו. מ׳האָט זיי, די עמיגראַנ־טען, באַשווינדעלט; די דאַרף אַ ביסעל מילך פאַר׳ן קינד. די דאַרף דעם דאָקטאָר.

מייסטערהאַפט איז די דאָזיגע שילדערונג, ווי אויך אַלע זיינע מאַסען־סצענעס. דאָ איז דער אומרו, דאָ איז דער טומעל, דאָ שווימט אַרום אינגאַנצען דער עקעל, אין גאַנצען דאָס עלענד־קייט. ס׳דערמאָנט אונז אַ גרויסען רבינ׳ס הויף, וואו קראַנקע, משוגענע מוטערס מיט קרעהענדע מיידלאַך וואַרטען אויף אַ קמיע, אויף אַ רפואה, אויף אַ מופת.

און אַלעס נעמט אָן ביי אים סימבאָלישע פאָרמען און אויף דעם אַלעמען איז אויסגעגאָסען אַ טונקעל־מיסטישע שיין פון עטוואָס טראַגישעס און אומפאַרמיידליכעס.

דאָס בעסטע, דאָס אינגסטע און דאָס צאַפּעלדיגסטע — דאָס שטאַרבט דוקא און פּלוצלונג, אונערוואַרטעט, פון אַ קליי־ניגקען צופאַל.

און דער אַלטער איידעלער אַרבייטער לערער, וואָס האָט קיין מורא ניט געהאַט פאַר דער מגפה פון די וואַנדערער און האָט זיי זיין ברויט אָפּגעגעבען און האָט אויך דאָס טויטע קינד

באַרודיגט — קיינער האָט עס ניט געוואָלט טאָן — ער שטאַרבט. אויך פון אַ קלייניגקייט. ניין, ביי ברענער'ן קומט ניט אויס פּראָסט: שטאַרבען, נאָר „פּטור ווערען": „אין צימער איז געווען טונקעל. ער איז געלעגען אַליין. האָט ער אַריינגעטאָן דעם פינגער אין די קאַלטע וואַסער, איז ער, דער פינגער, געשוואָלען געוואָרען — און האָט זיך שוין מער ניט געקאָנט רירען פון אָרט צוליב זיינע באַדערפעגישען. און אַזוי איז ער אויך פּטור געוואָרען פון פרעמדע באַדערפעגישען. אין גאַנצען פּטור. איז געקומען די דערלייכטערונג".

ג.

ארום דער הויפּט־שטימונג — דעם פינסטערען אומרו — וויקלען זיך אַרום כמעט אַלע זיינע ערצעהלונגען און ראָמאַנען. יעדער זאַך מיט זיין וואַריאַציע, נאָר דער תוך איז דער זעלבער. אַפילו די הויפּט העלדען זיינען דיזעלבע, ניט מער מיט פאַרשידענע נעמען, און אויך די נעמען זיינען ניט קיין נעמען פון מענ־שען, נאָר נעמען פון סימבאָלען, פון אידעען: גמזו, אובד עצות, פייערמאַן, חנוך, חפץ, חמילן א. א. וו. זיינע העלדען זיינען ניט באַשאַפען געוואָרען צוליב זיך און זיי זיינען ניט קיין טיפּען — זיי פאַרקערפּערען און טראָגען אין זיך געוויסע אידעען, אָדער ריכטיגער געוויסע ליידען און פּראָטעסטען. און אויב מיר האָבען יאָ פאַר זיך לעבעדיגע בילדער איז דאָס אַ דאַנק גאַנץ קליינע קינסטלערישע שטריכען, צופעליגע שוואַכ־קייטען, וואָס קומען ביי זיי פון רעדען, פונ'ם וואונדערליך־אייגענ־אַרטיגען דיאַלאָג, וואָס ווערט אונז געגעבען אַזוי ווי ער שטעהט און געהט.

ר' יוסף חפץ קריצט זיך איין ביי אונז אין זכרון מיט זיין גאַנצער טראַגישער פיגור נאָר דורך די פּסוקים און מדרשים וואָס ער האָט; זיין ברודער, חיים שטיינהאַקער, מיט זיין שטור־

מען „פּטור־נו״; די שוחט׳קע ר׳ ליב׳יכע, וואָס זיצט שבעה, מיט איר חלש׳ען א. אַ. וו.

אַלץ קליינינקייטען. נאָר לעבעדיגער פון אַלץ איז דער ברענערישער דיאַלאָג — ניט קינסטלעריש, ניט געשליפען — נאָר גראָב און וואולגאַר און „זשארגאָניש״, אַזוי ווי דאָס צוטומעלטע לעבען פון זיינע העלדען — און עס פּאַכעט אויף אייך מיט דעם רויהען און ווילדען אמת. פון די דאָזיגע אומגעלומפּערטע, פּראָ־אָדמ׳דיגע שמועסען קריכט אַרויס און קלעטערט אויף אונז אַרויף דאָס גרויהעסטע און רויהעסטע וואָס גריבעלט און ווירבעלט אין אונזער לעבען — און ס׳באַ־הערשט אונז ניט ווילענדיג, מיט געוואַלד. און מיר ווערען פאַרטרונקען.

כמעט אין אַלע זיינע ביכער איז דאָ דער דאָזיגער עלעמענט: דאָס לעבען אין ווירקליכקייט און אין קונסט, אין פּאָעזיע. און ער ווייסט און האָט שטודירט דאָס ערשטע. דעם וועלט־שמערץ אין פּאָעזיע — זאָגט ער — האָט איר אָנגענומען, און מיין שמערץ, דער שמערץ פון אַ געבראָכענעם, אַ צובראָכענעם, האָט איר פאַרוואָרפען, דאָס פּאַסט אייך ניט — ס׳איז צו־ממשות׳דיג, צו־שרייענדיג, צו־פּראָסט — און מ׳קאָן אים מיט קיין שעהנע רייד ניט פאַרשטעלען. זיצט אַ מענש אַ קרעציגער און קראַצט די וואונדען מיט אַ שערבעל — וואָס וועלען אים די מליצים העלפען? די אַלע אמת׳ן מיט די אַלע שקרים ווייס ער אליין. ער דאַרף די גרויסע אויפטרייסלונג, די גרויסע אויפרודערונג און ער האָט די „קונסט לשם קונסט״ פאַרוואָרפען — צו אַ שוואַ־כער מיטעל פאַר זיינע ליידען.

ער פיהלט עס גאַנץ גוט און צו זיינע ראָמאַנען האָט ער ליב צו־צולייגען אַ הקדמה, וואָס באַווייזט, אַז ער ווייס אליין וואו ס׳האַלט מיט זיין קונסט. אין דער הקדמה צום ראָמאַן „בחורף״ זאָגט ער: „איך האָב מיר געמאַכט אַ ביכעל פון גלאַט פּאַפּיר און איך וועל פאַרצייכענען שטריכען און סקיצען פון

„מיין לעבען". „מיין לעבען" אין גענזען־פיסלעך: ציין צו־קונפט און קיין געגענוואַרט האָב איך דאָך ניט — בלייבט מיר נאָר די פאַרגאַנגענהייט. פאַרגאַנגענהייט! ווען אימיצער הערט דאָס, וואָלט ער געמיינט, אַז איך האָב שרעקליכע זאַכען צו דער־צעהלען פון מיין עבר, אַ שרעקליכע טראַגעדיע וואָס דערציטערט דאָס האַרץ און דרינגט אַדורך, — נאָר די זאַך איז גאָר ניט אַזוי: אויך איז אין מיין עבר ניטאָ קיין אינטערעסאַנטע מעשים, ניט קיין שפּאַנענדע געשעהענישען, ניט קיין דערציטערענדע טראַגעדיעס, ניט קיין מאָרדען, ניט קיין ליבעס־קאָנפליקטען, אַפילו ניט קיין גרויסע געווינסען און פּלוצלינגע ירושה. ס'זיינען נאָר דאָ מענשען־שאָטענס, בלאַסע זעהונגען, פאַרבאָרגענע טרע־רען, זיפצען". . .

אָט אַזוי איז ער זיך מתודה.

ער קאָן אונז פאַרהאַלטען אויף אָפּשטויסענדע בילדער, אויף גרויזאַמע מאָמענטען, אויף משוגע־פּעסימיסטישע צושטאַנ־דען, אויף סאַדיסטישע איינפאַלען—און מיר מוזען אים נאָכגעהן.

ער ווייס אונזערע שוואַכקייטען, אַז מיר האָבען ליב יונגע מיידלאַך מיט איבערגעשראָקענע אויגען און ציטערדיגע גלידער — נעמט ער זיי, די דאָזיגע יונגע צאַפּעלדיגע נשמות, צו פון אונז, פאַרוואַרפט זיי ערגעץ אין דער ווייט אָדער פאַר'סם'ט זיי דאָס בלוט — און טויטעט זיי — און לאָזט אונז איבער מיט די אַלטע, אָפּגעבליאַקעוועטע מוידען, וואָס יאָגען זיך נאָך אונז, און פאַר'סם'ען אונז דאָס יונגע לעבען און צו 32 יאָר ברייננגען זיי אונז צום גרויסען גאָרניט.

ער ווייס, אַז מיר זיינען גרייט אַוועק אויף די פליגלען פון דער פאַר'שכור'נדער פאַנטאַזיע, אַבי צו פאַרגעסען אָן דעם וואָכעדיגען, אָן דעם וואונדען־לעבען — כאַפּט ער אונז אָן פאַר'ן קאַרק און וואַרפט אונז אַריין אין דעם דאָזיגען שמוץ, און מיר זינקען נאָך טיפער.

ער האָט אַראָפּגעריסען דעם שלייער פון הייליגקייט פון

אונזער אייביגער ירושלים, ער האָט דעם „כותל מערבי" צושטערט און האָט אונז אַריינגעוואָרפען אין תהום.

ד.

אויב אַזוי איז „כלו כל הקצין"?

ניין. ברענער איז אין תוך געווען אַ גלויביגער. אויב ניט, וואָס האָט עס געטויגט אינגאַנצען? אי די עטליכע־און־צוואַנציג יאָר שרייבען און לערנען און וואַנדלען און גאַרען און וועקען? אי דאָס איינגעשפּאַרטע ירושלים'דיגקייט דוקא? אי, צו לעצט, דער טויט דורך די אַראַבער?

איז דאָס קנאָפּ? וואָס־זשע האָט געטויגט דאָס פּיבער־האַפטע אַרבייטען — אי אַלעם שרייבער, אי אַלס רעדאַקטאָר, אי אַלס איבערזעצער, אי אַלס אַרבייטער אויף די שאָסעען?

ברענער איז געווען אַ טיף־לײדענדע נשמה, וואָס האָט אָבער געלעכצט נאָך איר תקון. ער איז געווען אַן אומרו, און האָט אין אומרו זיין רו געפונען, ער האָט אין די לײדען זיין טרייסט געפונען. ווייל קוים פיהלען מיר שוין אַזוי שאַרף און אַזוי טיף אַז מיר לײדען אַזש — איז גוט, איז אַ סימן אַז מיר זיינען ניט טויב און ניט שטום, און הערען מיר ניט שוין — וועלען מיר דערהערען שפּעטער. האָט דאָך ר' עקיבא געלאַכט דוקא ווען ער האָט געזעהן די פוקסען טאַנצען אויף די חורבות.

איז מקוים געוואָרען דער חורבן — וועט דאָך אויך מוזען מקוים ווערען דער בנין, וועט דאָך קומען די אויסלייזונג אויך. און אין די לעצטע זאַכען זיינע, און מער אין זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען, האָט זיך שוין געפיהלט אַפילו אַ גלייכע אָנצוהערע־ניש אויף דעם וועג, אַ דירעקטער רמז אויף דער גאולה. דאָס איז דאָך די רעליגיע פון אַרבייט.

ברענער איז דערפאַר פאַרבליבען אין ארץ־ישראל ווייל ער האָט געזעהן אַז ס'פאַרנעמט זיך אויף אונז אַ נייע עפּאָכע פון אַרבייט און באַפרייאונג.

# ג. שאָפּמאַן

## א.

ער איז איינער פון די מערקווירדיגסטע, אויב ניט דער מערקווירדיגסטער, דערצעהלער פון דער נייער העברעאישער ליטעראטור. פאַר אַלע יאָרען פון זיין שאַפען האָט ער ניט זעהר פיל ערצעהלונגען און סקיצען אָנגעשריבען, ווייל ער איז אַ „קאַרגער" — שרייבט וועניג און שרייבט „קליין" ד. ה. זאַכען קליינע אין כמות, במעט טעלעגראַפיש — אָבער דאָס וואָס ער האָט געגעבען און דאָס וואָס ער גיט איז „קב ונקי": דורכגעזיפּט און לויטער, קלאָר און פעסט ווי אויסגעהאַקט פון שטיין.

שאָפּמאַן איז אַ רייצענדער שרייבער. ער רייצט און לאָקט מיט זיין אויסגעהאַלטענער איינגעהאַלטענקייט, מיט זיין טיפער ליידענשאַפטליכקייט און מיט זיין געטאָקטער, שאַרפער שפּראַך. ער האָט ליב דאָס אויסערגעוועהנליכע און דאָס פאַרבאָרגענע אין מענשען. ער האָט ליב צו זוכען און נישטערען אין די טיפענישען פון דער מענשליכער נשמה און אַרויסשטעלען זאַכען וואָס מיר שעמען זיך פאַר זיי. ער האַלט אַ באַזונדער „אויג" אויף דער וועלט און דורך דעם אויג זעהט ער דאָס אַלעס וואָס מיר האָבען ליב צו פאַרבאָרגען. און ווי אַ שומר און אַ נאָכשפּירער געהט ער אום און קוקט זיך איין אין אַלעמען און אַלעס. ניט אומזיסט האָט ער אַזוי פיל דעטעקטיוום און שפּיאָנען

אין זיינע ערצעהלונגען. דאָס זיינען זיינע פארבאָרגענע שלוחים, דער וועלט׳ס פארבאָרגענע שלוחים, וואָס זוכען און נישטערען, וואָס טאַפּען און ווילען דערגעהן, וואָס עס טוט זיך אין דער פינסטער: ווייל דאָרטען, ערגעץ דאָרטען, ליגט באַגראָבען דער אמת.

שאָפּמאַן באַזיצט אַ באַזונדערען חוש פאַר מענשליכע תאוות, ווייל אין זיי, אין די טריפה׳נע אויסברוכען אונזערע, ענטפּלעקט זיך דאָס אמת׳ע געשטאַלט פון אונזער לעבען; אין זיי, אין די דאָזיגע שווארצע פלאַמען, באַווייזט זיך דער מענש אין זיין גאַנצער און טראַגישער פארשקלאַפטקייט. ער זעהט דעם מענשען אין קלעם — ביי די סאָציאַלע און פּסיכישע, אַלע בלינדע, כחות פון לעבען. מיר זיינען אַלע געפאַנגענע — קיינער ניט פריי — פון אינוועניג ווי פון דרויסען. אינערליך ווערען מיר געטריבען פון פינסטערע תאוות. אַלעם גלוסט זיך — און זעהר שטאַרק. אומעטום און אַלע מאָל וואַכט אין אונז דער גרויסער יצר־הרע, וואָס קען אַזוי זיס פארנאַרען. און אויסער־ליך — זיינען מיר תמיד אויפ׳ן וועג, אונטער דער „השגחה" פון עמיצען. אומעטום — וואַרט מען אויף אונז און מ׳היט אונזערע שריט. און ניט דערפאַר וואָס אַ גוטער טאַטע אָדער אַ געטרייע מאַמע אָדער אַ באַרמהערציגע שוועסטער וויל אונז פאַרהיטען פון אַלדאָס בייז, אָפּהיטען פון אַן אומגליק. נאָר דערפאַר וואָס עמיצער וויל אונז „פּאַקען" און אַריינכאַפּען. דערפאַר היט מען אונז אַזוי — און וועה איז צו דעם וואָס ווערט אַזוי „געהיט".

שאָפּמאַנ׳ס העלדען זיינען אויסגעריסענע פון דער היים און צושפּרייטע אין דער פרעמד. און דער גאַנצער עלענד און וועהטאָג פון פאַרוואָגעלטען זינגט אַרויס פון זיי. ווער זיינען זיי געווען און וואָס זיינען זיי איצטער? געווען זיינען זיי אַלע קינדער, וואָס האָבען זיך געוואַרעמט אין דער מאַמע׳ס שויס. די אינגלאַך האָבען געלערנט אין חדר און גע׳חלומ׳ט פון עפּעס, און די

מיידלאַך האָבען געהאָלפען די מאַמעס און געבליהט אין דער שטיל — אָבער די צייט איז גיך אַוועק און ביי שאַפּמאַנען איז דאָ נאָר אַ ווייטע, ווייטע אָנדייטונג אויף דעם. עס זיינען אויסגעוואַקסען, גיך אויסגעוואַקסען, די קליינע איינגלאַך און מיידלאַך און — וואָס איז פון זיי געוואָרען? אַנטלאָפענע און פאַרטריבענע, ווייטע פון דער היים, און פון זיך, פרעמדע און פאַרדעכטיגע, אין גלות. ווי אַ שווערע האַנט פון גורל ליגט אויף זיינע העלדען דער שווארצער שאָטען פון פאַרדאַכט. ווייל קיינער קאָן זיי ניט פון פריהער און קיינער וויל זיי ניט קענען.

אין דער היים זיינען זיי געווען סאָלדאַטען אָדער „פּאָליטישע". איןביידע פאַלען — אומפריייע. די קאַזאַרמע האָט ביי זיי צוגעגרויבט דעם איך און דעם אידישען יחוס. די וואַלד־פאַרזאַמלונגען און די געהיימע מיטינגען האָבען זיי געמאַכט פאַר טריפה מענשען, וואָס דאַרפען אָטעמען בגנבה און זוכען רעטונג אין דער נאַכט. אין קאַזאַרמע ווי אין דעם געהיימען ווינקעל האָט זיך דער „איך" פאַררוקט און בגנבה געטראַכט פון אַנטלויפען — אויף דער פרייער וועלט, אויף יענער זייט. אָבער אַז ס'איז געקומען די רעטונג און דער אַנטלאָפענער סאָלדאַט אָדער רעוואָלוציאָנער האָט זיך אַריבערגעפּעקעלט קיין עסטרייך — איז נאָך די פרייהייט אַלץ ניט געקומען. אויף יעדען טריט און שריט געהט מען נאָך און מ'שפּירט נאָך. די געהיים־פּאָליציי איז אומעטום דיזעלבע. די זעלבע נאָכשפּי־רעריי — און דיזעלבע טורמע. און דערפאַר זיינען אויך די, וואָס געהען אַרום אויף דער פרייהייט, די וואָס דרעהען זיך אַרום מיט אַלע עמיגראַנטען אין די רוסישע קאַפעען פון גאַליציע — אויך די זיינען אומפריי. אויך זיי זיינען פאַר'משפּט.

הייסט עס, אומזיסט אַנטלאָפען. דאָס וואָס איז פאַר'חתמ'ט געוואָרען אין דער היים, אַמאָל, קען שוין מעהר, און אויך דאָ, ניט אויפגעעפענט ווערען. און דער גורל קען ניט געביטען ווע־

רען. די טורמע האָט זיך אויסגעצויגען איבער גרעניצען און לענדער. נאָר אין חלום פון דער נאַכט באַפרייט זיך אַמאָל דער אַנטלאָפענער און פרעמדער — דאַן איז ער ווידער אין דער היים און פּיהלט די מאַמע, און גלעט די קליינע שוועסטער, און ציהט זיך צו דער גוטער חבר'טע, וואָס האָט ווייכע און טרויעריגע אויגען. אין חלום שטעהט ווידער אויף די ווייטע, פרייע יוגענד, אָבער מיט דער ליכט פון טאָג און ווירקליכקייט פאַרשווינדט זי ווידער ווי אַ חלום. — און דער מענש וואַכט אויף, ווי געווען, אַ געפאַנגענער. אויב ער איז אין טורמע — איז ער דאָך געוויס פאַרקלעמט, אָבער אויב ער געהט אַרום אויף דער פריי — איז ער אין קלעם פון די שפּיאָנען און זשאַנדאַרען. איז ער קראַנק — איז ער פאַרשקלאַפט צום בעט און צום דאָקטאָר. איז ער אַ בחור — איז ער אַ קנעכט פון זיין בחור'שאַפט און פון יעדער מיידעל, וואָס קומט אים אַנטקעגען. און איז ער פאַרהייראַט — איז ער אין קלעם ביי זיין ווייב. און אַזוי ניט נאָר „ער", נאָר אויך „זי". איז זי נאָך אַ שטילע און אַ כשר'ע, ווערט איר גאַנצער וועזען צוריסען פון תאווה און גלוסט ביז . . . און דער סוף איז כמעט באַשטימט פאַר־אויס. און איז זי אַן אויסגעלאַסענע, אַזוי ווי עס טרעפט זיך זעהר אָפט מיט זיינע העלדינס, איז זי אַ פולער קנעכט פון אירע „פאַרעהרער" און איר אַלטע מאַדאַם איז די בעל־הבית'טע פון איר לייב און לעבען.

און עס כאַפּט דיך אַרום אַ שווערער אומעט ווען דו זעהסט די דאָזיגע גאַלעריע טיפּען און העלדען ; דאָ זיינען זיי אַלע דאָ— אַרעסטאַנטען און אַנטלאָפענע, סאָלדאַטען און עמיגראַנטען. קאַליקעס און משוגעים. ראַנגלערס און „פּייטערס". מערדער און זעלבסטמערדער, דינסטען און פּראָסטיטוטקעס. און צום סוף — געהאַנגענע און דערטרונקענע. עס איז אַ קראַנקע וועלט, וואו די איינציגע רעאַליטעט איז ליידען און פּיין. און דער איינציגער אויסוועג איז תאווה ביז סאַדיזם, איז ליבע ביז משוגעת.

און ניט איינמאָל דערמאָנט זיך וואָס מיכאַילאָווסקי האָט געזאָגט וועגן דאָסטאָיעווסקי׳ן: „אַ גרויזאַמער טאַלאַנט!״

ב.

אָט דאָס איבעריגע „אויג״, וואָס שאַפּמאַן האָט, און קוקט מיט דעם אַריין אין אַלע באַהאַלטענע מקומות, אין אַלע טיפע וואונדען, מאַכט אים ניט איינמאָל גרויזאַם און אומ־היימליך. אָבער אין זיין גאַנצען אופן שרייבען און מאָהלען איז דאָ אָהן אַ שיעור וואַרימקייט און ליבע, מענשליכקייט און פאַרשטאַנד, אַז אַפּילו דאָס העסליכסטע ווערט אונז נאָהענט און אונז ציהט אָהן אויפּהער צו אָט דעם אונ׳ברחמנות׳דיגען קינסטלער, וואָס זעהט און וויסט און ווייזט אונז כח און אמת.

שאַפּמאַן ווייזט אונז ניט עפּעס אַן אויסגעטראַכטע וועלט און אויסגע׳חלום׳טע מענשען. ניין. די וועלט איז זיינע אין וועלכער ער לעבט, אין וועלכער מיר אַלע לעבען, און די מענשען זיינען זיינע פריינד און אונזערע באַקאַנטע. ער ווערט אָבער ניט „אַסימילירט״ צווישען זיינע העלדען. ער דערהויבט זיך און זעהט בעסער און קוקט טיפער און נעמט אַרום גרינדליכער. ער איז אַ מבין אויף אַלע, וואָס רינגלען אים אַרום און זעהט אַלעם אין זיי. און דערפאַר דוכט זיך אונז אָפּט, אַז ער איז אַ זייטיגער, וואָס טוט ניט ער, נאָר זעהט און מאָהלט. דערפון—זיין אויסערליכע קאַלטקייט און זיין איינגעהאַלטענער פייער. און זיין דורכדרינ־גענדע קלוגשאַפט און זיין איבערצייגענדע קראַפט. ער שרייבט ניט מיט קיין טענדענץ, חלילה, אָבער מיר ווייסען פאָראויס, אַז אין יעדער ערצעהלונג זיינער וועט ער אונז עפּעס ווייזען, עפּעס לערנען און אויף עפּעס אָנדייטען. ווייל שאַפּמאַן רעדט ניט קיין סך. ער גיט אַ וואונק, אָבער אַזאַ וואָס גיט אַ שניט ווי אַ בליץ. ער רירט אָן אַ געפיהל, אָבער אַזוי, אַז אַלעס אין אונז ווערט גערירט פון זיין אָרט. ווייל ביי אים איז אַפּילו אַ קליי־ניגקייט אויך ניט קיין קליינינקייט. אַלעס איז אַ מיטעל אויף

ענטפלעקען, באַלייכטען און דערזען דאָס, וואָס איז פאַרבאָרגען אין אונז. דערפאַר קאָן ביי אים אַ שטריקעל, צי אַן אַרבעל, צי אַ פּלייצע ווערען אַ וויכטיגע פיגור אין אַן ערצעהלונג. אין רוקען פון פּאָעט'ס מאַנטעל דערשפּירט דער מאַן דעם ציטער פון תאוה צו זיין ווייב (המבט הנוקב).

ער האָט ליב דאָס שאַרפע און פּיקאַנטע, דאָס וואָס רעגט אויף דעם געמיט און באַווייזט דעם מענשען אין זיין נאַקעט־קייט, אַזוי ווי ער איז — ניט פאַרשלייערט און ניט פאַרפּוצט. מיט גרויס הנאה און אָהן מורא מאַכט ער זיינע דינע פּסיכאָ־לאָגישע אַנאַליזען, וואַרפט אריין אַ זייטיגע באַמערקונג, פאַר־וואַרפט אַ בריק צווישען גוי און איד, צווישען מענש און מענש, צווישען מענש און חיה. ער וויל דערגעהן דעם אמת און דער־גרונטעוועז דעם תוך ניט דורך פאַר'חלומ'טער פאַרבענקשאַפט און דורך פּאָעטישער אילוזאָרישקייט, נאָר דוקא דורכ'ן אָראָפּ־רייסען זיידענע צודעקען און פּורפּור־מאַנטלען. דורכ'ן נאַקעטען אמת. וייל דאָרט אין דער טיף באַגעגענען זיך די פאַרשידענע רערען, וואָס פירען די באַהאַלטענע השפעות פון איין מין צום צווייטען. דאָרט פאַרקניפּען זיך די אונזיכטבאַרע פעדים צווי־שען העכערעס און נידריגעס, צווישען גשמיות און רוחניות.

פון אַלע זיינע חברים, וואָס ער האָט מיט זיי אָנגעהויבען זיין שרייבערישען וועג, איז ער דער איינציגער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט און כח ניט צו זיין גייסטיג, ניט צו זיין „נאַציאָנאַל" און ניט צוהערען זיך צום „דעת־הקהל". ברענער און גנעסין, וואָס זיינען געווען מיט אים פאַרבונדען זייער גאַנצען לעבען און וואָס האָבען געהאַט פילעס געמיינשאַפטליכעס, האָבען ניט געהאַט זיין אויסגעהאַלטענקייט. גנעסין, וואָס איז אַזוי פרי געשטאָרבען, האָט געהאַט די שטומע בענקשאַפט, וואָס האָט נאָך איר אויסדרוק ניט געפונען, און ניט קיין אויסגעלייטערטע האָט זי זיך דערשטיקט און אים דערשטיקט מיט זיך. פון גנעסינ'ס שווערע ערצעהלונגען דערטראָגט זיך צו אונז אַ וויי־

טער געוויין אויף יוגענד, וואָס האָט זיך געריסען און ניט דער־ריסען, און אַ פיינליכער באַגער נאָך שעהנקייט, וואָס האָט קיין תיקון ניט געפונען. און ברענער, וואָס איז אומגעקומען אַזוי פריצייטיג און אַזוי טראַגיש, האָט זיין גליענדען יאוש צושאָסען אויף פונקען און האָט אים פאַרזייהט אויף פאַרשידענע געביטען פון ליטעראַטור און לעבען. ער איז געווען צו אומקינסטלעריש און צו אימפּולסיוו, אַז ער זאָל קאָנען אויסוואַרעמען ביי זיך פון לעבענס שלאַנג אַ קינסטלערישע טויב. און ער איז אַוועק צו פּובליציסטיק און קריטיק און געזעלשאַפטליכע אַרבייט און צו לעבען־פון־ליידען אין אַ חרוב לאַנד, וואָס ווערט געבויט.

שאַפּמאַן איז געבליבען „רוהיג" פון דער ווייטען און האָט געזוכט זיין וועג אין שאַפען. און ער איז זיין קינסטלערישען נסיון ביינעשטאַנען. ער האָט זיך ניט געשעמט צו זיין אין דער העברעאישער ליטעראַטור אַ ריין אינדיווידועלער שרייבער, און מיט דער הילף פון דער הייליגער שפּראַך, וואָס איז ערצויגען געוואָרען אויף גייסטיגקייט און איידעלקייט, האָט ער ניט מורא געהאַט זיך צו באַנוצען פאַר גשמיות'דיגע באַגריפען און שפּיציג־פאַרשאַרפטען עראָטיזם. אין דעם הינזיכט איז ער דער פּריי־סטער שרייבער אין דער ניי־העברעאישער ליטעאַטור. ער איז דורכאויס אייראָפּעאיש און דערפאַר אַזוי רייצענד און ניי.

אמת, אים שלעפּען זיך נאָך די שאָטענס פון רוסישען שטעטעל און זכרונות פון אַמאָל, און דער „נאָוואָבראַניעץ", און דער פּאָליטישער עמיגראַנט — אָבער דאָס אַלעס איז מער ניט ווי רעשטלאַך און פאַר'יתומ'טע קלאַנגען. ער איז אַ ווינער און פון זיינע ערצעהלונגען הערט זיך דער ריטם פון דער גרויסער, באַרוישענדער און „זינדיגער" אייראָפּעאישער שטאָט. און זיין חבר איז פעטער אַלטענבערג (וועלכען ער האָט אגב איבערגעזעצט אין העברעאיש).

אָבער אין דער צייט וואָס אַלטענבערג האָט זיינע טעג און נעכט, און מיט זיי זיין שאַפונג־כח, פאַרברענט אין די רוישיגע

קאפּעצן און ביי די זיסע מיידלאך — האָט שאַפּמאַן ארויסגע־וויזען מער שטאַנדהאַפטיגקייט און מער ערנסטקייט (און מ׳מעג גלייך צוגעבען: אידישע ערנסטקייט). ער זוכט אויך אין שטאַט, און אין קאַפע, תכלית. ווייל ער איז אַלץ אין גלות, אַלץ אין דער פרעמד און וויל פאַרשטיין און וויסען וואָס איז אַזוינס, וואָס בלייבט איבער נאָכ׳ן רויך און נאָכ׳ן באַטויבענדען געַרויש און מאָמענטאַלען פאַרגעניגען. און ניט זייענדיג אידיש אין פאָרם, איז ער אידיש אין תוך — מיט זיין זוכען און פרעגען, און מער פון אַלץ — מיט זיין אָנטאַפּען און דערפילען דעם דופק פון ראַסע, דאָס „קול פון בלוט".

ג.

דאָס קול פון בלוט איז קיינמאָל ניט אַנטשוויגען געוואָרען. און ביי יעדער געלעגענהייט שרייט עס אַרויס. ביים יחיד רעדט עס מיט דער שפּראַך פון תאוה, ביים פאָלק — מיט דער שפּראַך פון שנאה און קנאה, אָדער פּאָגראָמען און מלחמה.

מען קען עס ניט שטילען. ווערט עס דערשטיקט אויף דער וואָך — וואַכט עס אויף אין חלום. אין „קול הדמים" האָט ער (דער העלד, וואָס האָט קיין נאָמען) חתונה מיט א גוי׳יש מיידעל פון ווין. און אַלע גרענעצען זיינען, דוכט זיך, אָפּגע־ווישט. עס פאַרשווינדט דאָס נאַציאָנאַלע, וואָס שיידט אָפּ, און עס שטעהט אויף דאָס אַלגעמיין־מענשליכע, וואָס פאַראייניגט און גלייכט אויס. זי, גרעטל, האָט אויך, ווי ער, א ברודער און א שוועסטער. איר ברודער רודי איז אַזוי ווי זיין ברודער שלמה: א ביישן און א שווייגער און גרייט אויף מסירת־נפש.

און אַזוי איז איר שוועסטער בערטאַ — פּונקט ווי זיין שוועסטער בתיה. דיזעלבע ריינקייט, פאַרשטעהן, געדולד.

און אַזוי אויך די מאַמע. כאָטש גאַנצע וועלטען טיילען אָפּ צווישען זיי, איז גרעטל׳ס מאַמע ווי זיינע. אויך זי טראָגט א טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, הוסט ווי זיין מאַמע און ווען זי פאַר־

ריכט אַ העמד, טוט זי אויך אָן ברילען — אַלעם ווי אין דער היים! און אויך די אָקושערקע דערמאָנט אים די באָבע מערע.

ווייזט אויס, די מלחמה מיט אירע יסורים האָבען אָפּגע־ווישט און אָפּגעמעקט דאָס טפל'ע און פאַרגאַנגליכע צווישען נאַציעס און ראַסעס און ס'איז פאַרבליבען נאָר דאָס ריין־מענשליכע אַליין.

אָבער דאָס איז נאָר לפּנים. נאָר פון דרויסען איז אַלעם עהנליך און גלייך. אָבער ערגיץ אין דער טיף רינט און זינגט דאָס בלוט פון דער ראַסע. און בשעת זיין ווייב גרעטל געהט צו קינד, ליגט ער אין צווייטען צימער (ווייל „איצטער דאַרפען מיר זיי ניט האָבען, די מענער", האָבען אים די ווייבער ערקלערט) און דרימעלט. און גלייך דערהערט ער אַ ווייטען און דינעם געשריי . . . איבער זיין שטעדטעל איז אויסגעגאָסען אַ בלאַסע, טרויעריגע שיין, אַזוי ווי פון אַ לקוי־חמה, און ער לויפט איבער די גאַסען. פאַר אים לויפט אַ מיידעל און איר צאָפּ ווערט באַלד צופאַלען, ווייל זי האָט ניט קיין שפּילקע. ווייזט אויס, אַז אין איר גרויסען שרעק האָט זי ניט באַוויזען צו פאַרשפּיליען. און אָט איז זיין גאָרטען, זיין קינדהייטס־גאָרטען. און צווישען די בייטען מאָהן, וואָס בליהט, וואַקסען אויס פאַר אים דריי גרויסע שקצים, איינער פון זיי אין אַ „סאָלדאַטסקע", גיבען אים אַ זאַסטופּ און באַפעלען אים: — דאָ גראָב דיר אַ קבר!

און דער געשריי ווערט שטאַרקער און שטאַרקער. זיין האַרץ ווערט אים צוריסען אויף צווייען. און ער האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט ווען זיין „שוויגער" איז אַריין מיט דער בשורה:

— אַ איינגעל!

ווייל דער אָנקום פון דעם נייעם לעבען, זיין אייגען שגצ'ל, האָט באַדייט אומקום פאַר זיין לעבען.

און שוין האָבען זיך באַוויזען די דריי גרויסע שקצים און האָבען אים באַפוילען:

אַליין גראָבען אַ קבר פאַר זיך.

ד.

אזוי ראַנגלען זיך אין דער שטיל די פאַרבאָרגענע און פיינטליכע כחות. און דאָס גאַנצע לעבען איז פול מיט זיי. דערפאַר פאָדערט זיך כח, פשוט'ער, פיזישער כח. ווייל ער און נאָר ער קאָן ענטשיידען און באַפרייען פון אַלע שרעקען און פאַרדאַכטען, אַלע שאָטענס און קאָשמאַרען. ער זעהט אַ קראַנקע און בלאָנזשענדע וועלט. דערפאַר איז ביי אים אַזוי גרויס דער באַגער נאָך כח און קערפערליכע גבורה. אַפילו זיינע שוואַכע פאַרשווינען, וואָס געהן אַרום שלינק און שלאַנק און ווייסען ניט וואָס צו טאָן מיט זיך — אַפילו זיי האָבען ליב זיך צו ראַנגלען; נישט נאָר „פסיכאָלאָגיש" און בגנבה און מיט איינפאַלען און שטעכווערטלאַך, נאָר אויך מיט הענט.

דער געוועזענער רעוואָלוציאָנער און איצטיגער פאָליטישער עמיגראַנט, קאראן, האָט ליב זיך צו ראַנגלען דאָ אין דער פרעמד מיט די דינסטמיידלאַך און דאָרפישע שיקסעס. און אַז ס'איז אָנגעקומען אין הויז, וואו ער האָט געוואוינט, אַ יונגעטשקע, בלוי־אויגיקע דינסט, ניוניה, האָט ער דעם ערשטען אויף־דער־נאַכט אָנגעהויבען זיין געראַנגעל מיט איר. דאָ איז געווען ניט נאָר תאוה, נאָר אויך שנאה און פאַרצווייפלונג. ער האָט זיינע פאַרשטיקטע כוחות און זיין צושטערט לעבען געוואָלט אויפברויזען און באַפרייען. ער האָט איר געוואָלט פאַרשאַפען פיין און ליידען. און אין מיטען געראַנגעל האָט זיך געעפענט די טיר און דער בריוו־טרעגער האָט אַריינגעטראָגען אַ קאַרטעל. ער האָט גלייך דערקענט דער שוועסטער'ס כתב: „לעצטע נאַכט האָט מען געהאַנגען אשר'ן (זיין ברודער). לייד וויינגסטען אויך דו, אויב ס'איז געבליבען ביי דיר . . ." אַ טויטפייל איז אַדורך זיינע שלייפען — און ניט געטראָפען. און ניט לייענענדיג ווייטער, האָט ער צונויפגעלייגט דאָס קאַרטעל אין צווייען, עס אַריינגעשטעקט אין קעשענע — און פאָרטגעזעצט זיין מלחמה

מיט ניוניה'ן. פאַרשטעהט זיך, אַז ס'האָט אין אים דאַן גע־ברויזט ניט נאָר די ווילדע תאוה, נאָר אויך דער גרויסער האַס צו דער בליהענדער געזונטער גוי'שקייט, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף אונז און וויל אונז אומברייגגען. אָבער אין דעם דאָזיגען בילד פון תאוה, שנאה און געראנגעל איז דאָ אָהן אַ שיעור גרויזאַמקייט און ווילדקייט און אונענדליכער יאוש. און דער סוף איז — אַז קאָראַן וואָס איז מאַכטלאָז אימיצען אומצו־ברייגגען, פון איינעם כאָטש נעמען נקמה פאַר'ן בלוט פון זיין אינגערען ברודער, וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסען און קלאָרען שטערען און אַזעלכע בלויע און טרויעריגע אויגען — קאָראַן האָט קיין אַנדער ברירה ניט ווי נוקם זיין זיך אין זיך אַליין און — נעמט זיך דאָס לעבען אין טורמע. (הפליט).

אַזוי קומען אום די מענשען־אָהן־כח וואָס בייגקען נאָך כח.

און די וואָס קומען ניט אום, אָדער ברייגגען אַליין זיך ניט אום, ווערען געטריבען און צעריסען פון ווילדע תאוות, פון סאַ־דיסטישע אָנפאַלען. זיינע מענשען האָבען ליב אָנטאָן יענעם יסורים. צוויי חברים האָבען ליב איין מיידעל — האָבען זיי, פאַרשטעהט זיך, פיינט איינער דעם צווייטען. און ביינאַכט, אַז איינער קען ניט שלאָפען, מחמת ער ליידט, איז דער צווייטער, דער גליקליכער, צופרידען. „ווי זיס איז דער שלאָף דעמאָלט ווען דיין חבר, נאָהענט צו דיר, קען זיך אויפ'ן געלעגער קיין פּלאַץ ניט געפינען פון יסורים און פאַרצווייפלונג, וואָס דו האָסט גובר געווען". . . .

און אַז דער פּוילישער אַרעסטאַנט סטאַשעק, וואָס זינגט אַזוי מוזיקאַליש און שעהן, דערפילט אַז דער עולם אין טורמע האָט הנאה פון זיין זינגען — הויבט ער אָן ברומען און שפּרינ־גען און שלאָגען זיך. מ'טאָר ניט פאַרשאַפען דעם צווייטען קיין פאַרגעניגען. אַזוי ווי דער היימישער שגץ חודקא וואָס פלעגט וואונדערליך שפּילען אין די באַטויטע זומער־אָווענטען אויף דער האַרמאָניקע, נאָר דוקא אינמיטען עקסטאַז, ווען די נשמה

פלעגט אויסגעהן פון זיסקייט, האָט ער אויפגעהערט שפּילען און אָנגעהויבען וואַרפען שטיינער אין די פענסטער.

עס איז דער כח פון'ם שוואַכען און שטומען — אויף דער דאָזיגער וועלט פון אומדערבאַרעמדיגען גערענגעל. און אויף אַלעמען ליגט זיך דער גרויזאַמער שאָטען פון שנאה און נקמה.

און אויף אַלע וועגען און שטעגען ליגען באַהאַלטען קליינע, כיטרע חיה'לאַך וואָס לויערען אויף אונז און ווילען אונז אומ־ברייננגען, אָט אַזוי ווי פראַנצישעק, וואָס האָט געכאַפּט די אַלטע מאַדאַם פון שאַנד־הויז אין פינסטערען הויף פון משוגעים־הויז, וואוהין זי איז געקומען מיט אירע אַ חבר'טע באַזוכען איר משוגענעם זוהן — און מיט דעם אויפרוף: אויף דיר, אַלטע פּיאַווקע, וואַרט איך שוין לאַנג! האָט ער דער'הרג'עט ביידע זקנות.

אָט דאָס שרעקליך בילד, וואָס שאָפּמאַן מאָהלט מיט אַזאַ מורא'דיגער קראַפט און פּשוט'קייט אין „בקצווי הכרך", איז כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר אים. ער האָט ליב צו כאַפּען דעם מענשען אין זיין ברוטאַלער קראַפט און ווילדע נאַקעטקייט — און ווייזען: אָט אַזוי זעהט אויס די אומפאַרמיידליכע גבורה אַנטקעגען דער אונטערטעניגקייט און ציטעריגקייט פון די שוואַכלינגע. עס איז די רויהע ברוטאַלע קראַפט וואָס יווירט אין מענשען און רויבט זיין רוה.

ה.

טיפער פון אַלע תאוות און שטאַרקער פון אַלע פערלאַנגען פלאַקערט און ברענט די תאוה פון די מינים, דער באַגער נאָך ליבע. דער יסוד פון אַלע יסודות און דער סוד פון אַלע סודות— איז דער געראַנגעל פון געשלעכטער. דאָ איז דער אָנהויב און דאָ איז דער סוף.

דער פּאַטאָס פון שאָפּמאַנ'ס שאַפען ליגט אין פּראָבלעם פון ליבע. ווי אַ רעגענבויגען אין אַלע זיינע פאַרבען, אַזוי האָט זיך

דער דאָזיגער מערקווירדיגער טאַלאַנט צושפּילט און צובליהט אין ליבע. ער איז דאָ עמפּפינדליך און אָריגינעל. תמיד פריש און תמיד ניי. אין ליבע ברענט דאָס פייער פון לעבען און אין איר האָט זיך אָנגעקניפּט שאַפּמאַנ'ס שאַפען. און שאַפּמאַן, וואָס ווייסט אַזוי גוט די יסורים פון וואַנדלעניש און גלות, און מאַכטלאָזיגקייט און שרעק — זוכט דאָ זיין אָנשפּאַר און זיין וואָרצעל, פון וואַנען עס זאָל קענען אָנהויבען צו שפּראָצען און בליהען פון ס'ניי.

ביי אים איז די פרוי אויסגעוואַקסען צו אַן אונגעהויערער גרויסקייט. זי איז עס די געטין, אָדער די אָפּגעטין, פון אונזער לעבען און צו איר איז דער מאַן אויף אייביג פאַרשקלאַפט. זי באַוועגט די וועלט און זי רעגירט מיט אונז.

פון קינדווייז אָן טראָגט זי אין זיך די אומבאַשרייבליכע און אומבאַגרייפליכע גבורה, וואָס צושטערט דעם מאַן און פאַר'־שכור'ט די וועלט. עס איז דער וויין וואָס רינט אין אונזערע גלידער און וואַרפט אונז פון די פיס. ביי אים איז די ליבע אַ העכערער כח, וואָס מ'קען זיך פון אים ניט באַפרייען. די ליבע איז אַ קללה און אַ ברכה, אַן אומגליק און אַ גליק. און וואָס דער מענש איז שוואַכער און עלענדער — אַלץ מער נויטיגט ער זיך אין דעם דאָזיגען פאַר'שכור'נדען געטראַנק. און וואָס דער מענש איז שטאַרקער און זיכערער — אַלץ מער געניסט ער פון אירע פאַרבאָרגענע כחות . . . און היות ווי די ליבע איז דער צענטער פונ'ם לעבען, דער ברען־פּונקט פון אונזער קיום, קומט פאָר אויך אין איר און צוליב איר אַ שטאַרקער געראַנגעל. עס איז די מלחמה אויף לעבען און טויט, אויף תענוג און פּיין. און די מלחמה קומט פאָר ניט נאָר צווישען דיביידע געשלעכטער וואָס ווילען באַזיגען איינער דעם צווייטען, נאָר אויך צווישען מאַן און מאַן, פרוי און פרוי.

ביי שאַפּמאַנ'ען איז כמעט תמיד דאָ דער אייביגער פלאָנ־טער צווישען צוויי, אָדער מער, און איינער. מיט דיזע פעדים

פון פֿאַרדאַכט און פֿאַרראַט זיינען פֿאַרוויקעלט די ליבע־אַפּערעס פון זיינע העלדען. ווייל ווי זיס די ליבע אַליין זאָל ניט זיין — איז זי זיבען מאָל זיסער און ליבער, ווען מ'דאַרף פֿאַר איר „אויסגעריסען" ווערען, ווען מ'דאַרף זי אַרויסרייסען פון יענעמ'ס צייהן. ס'איז די קנאה וואָס מאַכט די ליבע טייער. און ביי שאָפּמאַנ'ען געהן זיי ביידע, די ליבע און אייפערזוכט, געאַרעמט. און ניט איין מאָל ווערען זיי פֿאַרענדיגט אין זייער אויסלייזער— דעם טויט.

אין זיין טיפער און גלענצענדער ערצעהלונג „אהבה" (ליבע) גיט ער אונז אין אַ קאָנצענטרירטער פאָרם, וואָס איז כמעט סימבאָליש, דעם וועג פון ליבע. צוויי חברים האָבען גע'חלומ'ט און גע'חקירה'עט וועגען ליבע. אובסקוראָוו איז געווען דער שטאַרקער, ענערגישער און קלוגער. האָט ער ליב געהאַט מיט אַ פֿאָטערליכער ליבע דעם ווייכען און שוואַכען שמיד. אַוועק זיינען יאָרען, די אינגלאַך זיינען געוואָרען מענער און יעדער איז אַוועק זיין וועג. אָבער אַז דאָס גליק איז געקומען צו אובּ־סקוראָוו'ן האָט ער גלייך מודיע געווען שמיד'ן: ענדע זומער וועלען מיר קומען זיך באַזעצען ביי דיר אין שטאָדט — מיר: „איך און ליליע מיינע". און מיט זייער קומען איז געשטאָרבען די אַלטע חבר'שע ליבע. און ס'האָט זיך אָנגעהויבען דער אומפֿאַרמיידליכער גראַנגעל — די שנאה צו דעם חבר, די ליבע צו זיין ווייב.

און די שטילע ליליע, וואָס האָט געוואָלט טריי בלייבען איר מאַן, האָט אָבער אויך געוואָלט די ליבע פונ'ם פרעמדען. איין מאָל בייגעשטאַנען, צוויי מאָל אויסגעהאַלטען. האָט זיך צום סוף דערוועקט אין איר די לילית. אים האָט זיך ענטפּלעקט דער גלאַנץ פון לילית'עס אויגען אין דער פינסטער און ער האָט שוין געהאַלטען איר שאַרפען קין אין זיינע הענט. אָבער דער שטאַרקער און ענערגישער אובסקוראָוו האָט פֿאַרשטאַנען,

אַז דאָס וואָס דער גורל גיט דאַרף מען שטאַרק היטען און ער האָט זיין ליליע געהיט אין אַ פרעמדער שטאָדט.

האָט עס זיך נאָך מער צופלאַקערט אין שמיד'ן דער ווילדער פאַרלאַנג: געהן אויף איר לויה. איז זי ניט זיינע — זאָל זי שטאַרבען.

און ס'האָט לאַנג ניט גענומען. אין גיכען האָט שמיד באַ־קומען אַ טעלעגראַמע פון אובסקוראָוו'ן: „ליליע איז לעצטע נאַכט געשטאָרבען פון געבורט־וועהען. קום!" און ער איז געקומען צו איר לויה. צו איר לויה און צו זיין יום־טוב. ער האָט געוואָלט נאָר נאָכגעהן נאָך איר מיטה — און אָט געהט ער, אָט געהט ער. לייכטער איז אים געוואָרען אויפ'ן האַרצען און מיט אַ שטילען דאַנק האָט ער אַריינגעקוקט אין דער גרוב וואָס האָט אַריינגענומען אין זיך דעם אָרון מיט שעהנקייט, וואָס איר גלייכען איז ניט פאַרבליבען אויף דער ערד. און נאָר ווען אובסקוראָוו האָט אויסגעבראָכען אין אַ היסטערישען געוויין: ליליע איז ניטאָ! האָט ערוואַכט די אַלטע יוגענד־ליבע אין אים, האָט ער פאַרשטאַנען און באַגריפען זיין געוויין — און מיטגעוויינט מיט אים. ס'איז אַראָפּ די מחיצה וואָס איז געווען צווישען זיי. זיי קענען ווידער חברים זיין.

עס איז אודאי אַ גרויסע אכזריות אַזוי ענטבלויזען אמת'ן, אַזוי צו זעהן און מאָלען. אָבער פאַר דער איבערצייגענדער קראַפט פון אמת, וואָס איז באַשטראַלט פון אַזאַ טראַגישער שעהנקייט, בלייבט מען שטעהן אַ שטומער. גוט איז נאָר די בלינדע. די וואָס זעהן ניט די וועלט אַרום. אין אַזאַ „גליקלי־בער" לאַגע געפינט זיך דער בלינדער פּראָפעסאָר פון מוזיק משה רייז (אין דער דורכזיכטיגער און ראַפינירטער ערצעהלונג „נקמה של תבת זמרה" — אַ נקמה פון אַ שאַרמאַנקע). דער פּראָפעסאָר זעהט גאָר ניט, אפילו זיין ווייב ניט, און זיינער אַ תלמיד, וואָס פלעגט נתפעל ווערען אָפט און אויפ'ן קול פון זיין לערער'ס

גניאַליטעט, איז שטיל און געהיים ענטציקט געווען פון לערער׳ס ווייב — און דער פּראָפעסאָר האָט ניט געוואוסט. אָבער ניט אַלע האָבען די זכיה אָנטרעפען בלינדע מענער. געהן זיי אַרום פארשמאַכטע פון ליבע־הונגער. ווייל מער פון דעם הונגער נאָך ברויט, ווערען שאַפּמאַנ׳ס העלדען פארצערט פונ׳ם אומ־געהויערען הונגער נאָך ליבע. און אַז ס׳טרעפט זיך אין דער קאָלאָניע און איינער אַ חבר, דער מאַלער מאנדא, ווערט משוגע און פארשיקט אין אַ משוגעים־הויז — כאַפּט אַרום אַ פאַרבאָר־גענע פרייד די גאַנצע חבריא. וואָס איז? מאנדא׳ס זעכצען־יאָריגע שוועסטער אסתר, וואָס איז ערשט ניט לאַנג געקומען פון פוילען, בלייבט אַליין, אָהן דער השגחה פון איר ברודער. אַז אסתר האָט זיך איינינגע מאָל באַוויזען אין קאַפּע האָבען זיך אין איר אַלע איינגעליבט. די פּאַרוואָגעלטע און הונגעריגע האָבען אין דער 16־יאָריגער אסתר דערזעהן די בליהענדע יוגענד און דאָס גליק וואָס זיי זוכען אַזוי דורשטיג אַרום. אָבער ס׳איז געווען מלחמה־צייט און הונגער־צייט. און שטאַרקערע זיינען געקומען. נאָך דער מלחמה איז וויען פאַרפלייצט געוואָרען פון ענגלענדער, איטאַליענער, סערבען — זיי זיינען געקומען מיט וויכטיגע מי־סיעס און מיט דער הויכער וואַליוטע. און זיס איז זיי געווען די שטאָדט פון דונאַי. די יונגע צובליהטע טעכטער זיינען אַרומ־געגאַנגען נאַקעט און באָרוועס און הונגעריג. און די טאַטעס און עלטערע ברידער זיינען אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען. איז ניטאָ ווער עס זאָל אַכטונג געבען אויף זיי. איז געווען אַזוי ליבט די יאַגד. אַזוי ווי די שטומע שעפעלאַך האָבען זיי די אויסלענ־דער געפירט איבער די קלייטען, באַפּוצט זיי מיט נייע שיכלעך און שעהנע קליידלעך און געבראַכט זיי אין די גרויסע רעסטאָ־ראַנען, ביז זיי זיינען געפאַלען. אַלע זיינען זיי געפאַלען: קליינע און גרויסע, בלאָנדינקעס און ברונעטקעס, מיאוס׳ע און שעהנע. דער שטודם האָט אָוועקגעלייגט די גאַנצע תבואה מיט אַלע בלימעלאַך אין איר. און געפאַלען איז אויך אסתר.

.ו

אונטער דער דאָזיגער גרויזאַמקייט ליגט באַהאַלטען אַ חלום פון שעהנקייט. ער איז כלומר'שט אומדערבאַרעמדיג, ווייל ער זעהט אַזוי אַלעס דורך און דורך, אָבער אַפּילו אויף אַ מינוט טוט זיך ניט אָפּ פון אים דער שטילער און טיפער עקסטאַז פון ליבע וואָס איז יונג און ריין. ער האָט אין איינער פון זיינע לעצטע און גרעסערע ערצעהלונגען „אדם באַרץ" אָנגעהויבען רעדען אַפּילו אָפען וועגען דעם. איבער די שורות פון „אדם באַרץ" שוועבט אַרום אַזאַ ווייכקייט און לויטערקייט. עס שמעקט מיט ערד פון פרוכט. און עס שטראַלט פון דאָרט אַ ניי לעבען.

און אַז ס'איז געקומען אַ שטורם און האָט אַראָפּגעריסען דעם דאַך פונ'ם הויז וואו דאָס יונגע פּאָר פּאָלק, ער אַ איד און זי אַ קריסטין, האָבען געוואוינט, האָבען זיי גלייך פאַרשטאַנען וואָס און וועמען זיי דאַרפען אַרויסראַטעווען: דאָס קינד! און זיי אַנטלויפען פון די חורבות. די אַלטע מכשפה, בעל־הבית'טע פונ'ם הויז, שטעהט אַ דערשלאָגענע. חרוב געוואָרען איר הויז. אונטערגעגאַנגען די וועלט — זי האָט ניט וואוהין צו געהן. איז גוט אַזוי. זי דאַרף אין ערגעץ ניט געהן, זי דאַרף אין ערגעץ ניט זיין. זי מיט איר חורבה מוזען אומקומען. אָבער זיי, די יונגע, לויפען מיט'ן קינד. ער איז עס דער באַפעלער און ער איז דער פירער זייערער. און גיך איז אַלעס געוואָרען קלאָר און אויסגעלייטערט. דאָס קינד האָט געשמייכעלט, ווייל דאָס דאָזיגע יונגע באַשעפעניש האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער נאַטור — דער נאַסער, דער אויפגעשטורעמטער, דער אויסגע־לייטערטער. און דער יונגער פאָטער האָט פאַרשטאַנען, אַז די בלינדע כחות פון דער נאַטור זיינען גאָר ניט אַזוי בלינד. זיי האָבען סוף כל סוף דערגרייכט זייערס: אַ שעהנעם מענשען אויף אַ שעהנער ערד.

און עס דוכט זיך, אַז אויך שאַפּמאַן אַנטלויפט צוזאַמען

מיט דער קליינער פאמיליע. ער אנטלויפט פון דער אלטער וועלט, פון די אלטע חורבות. ער קען שוין מער ניט פארטראגען די פינסטערניש און דעם הונגער און עס ווייזט זיך א וועג און א ליכט.

ער האט תמיד געזוכט פערל אין דעם מיסט, שטערען אין דער נאכט. ער האט געוואלט ארויסקלייבען דאס שעהנקייט פון דעם מיאוס׳קייט, די ליבע פון דער שנאה. און ווי נאך א שטורם באווייזט זיך איצט א פרישע זון און מאכט ליכטיגער און פריידיגער אלעס. און אפילו די אפגעריסענע שטיקלעך וואלקען — תאווה, זינד און פארברעכען — וואס שווימען ארום איבערן הימעל, ווערען באלויכטעט פון דער שיין וואס געהט אויף — איבער דעם שעהנעם מענשען אויף דער שעהנער ערד.

# שמואל יוסף עגנון

## דער דערציילער און די דערציילונג

אין ש. י. עגנונ׳ס שאפען האט די העברעאישע דערציילונס־קונסט דערגרייכט א זעהר הויכע מדרגה. ער האט אנטדעקט דעם סוד פון דער געבענשטער איינהייט—פון אינהאלט און פארם, ריטם און סטיל, אינערליכער שיינקייט און אויסערליכען חן. ער האט אנגעטאפט דאס „פינטעלע איד" אין דער קונסט פון דער־ציילען און שילדערען; ער האט געפונען דעם קוואל פון דער אידישער נשמה, און מיט וואונדערבארער פשטות און רירענדער באשיידענקייט האט ער אנטפלעקט אידישע שיינקייט.

ער האט געפונען דאס וואס פיל האבען געזוכט און ניט געפונען: דערציילערישע שלמות און פאלקס־תמימות.

ער שרייבט ווי א חסיד, ווי א „גוטער איד". די צארטע פאלקס־דערציילונג, וואס איז פול מיט ליבע און פון וועלכער עס ווייעט מיט בטחון און בארמהערציגקייט, דער סיפור־המעשה פון וועלכען עס טריפען גלויבען און הכנעה — האבען אין עגנונ׳ס שאפען געפונען זייער תיקון. און פאר אונזער צורודער־טען דור פארמאגט די דאזיגע דערציילונגס־פארם אן אייגענ־ארטיגע, כמעט היילענדע, קראפט. דא, אין עגנונ׳ס וועלט, רוהען מיר זיך אפ פון אונזער מיה, פארגעסען אונזערע ליידען און קערען זיך אום צום אורקוואל פון גלויבען, צו דעם ריינעם און תמימות׳דיגען לעבען פון אונזערע עלטערען.

די דאָזיגע פּשטות און די דאָזיגע פרומקייט, מיט וועלכער עס צייכענט זיך אוים זיין חסידיש־פאָלקסטימליכער סטיל, האָט פילע פארפירט צו גלויבן, אַז דאָס זיינען בלויז סטיליסטישע שפּילען, בלויז צויבערהאַפטע קונסט־קונצען.

אָבער דער וואָס דרינגט אריין אין זיין וועלט און ווערט געפאנגען פון'ם צויבער פון זיין דערציילען, וויים און פיהלט, אַז דאָס איז ניט קיין סטיל־כישוף, נאָר עטוואָס העכערס. אמת, דער סטיל זיינער איז חנ'עוודיג פרום און וואונדערליך אייגענ־ארטיג—כאָטש לפנים איז ער גאָר פאָלקסטימליך—אָבער די אמת'ע קראַפט זיינע ליגט ניט בלויז אין סטיל, נאָר ערגיץ טיפער. זיין כח איז אין דער וויזיע, אין עצם לעבען וואָס פליסט ארוים פון די טיפענישען פון די דערציילונגען. און אַט די דאָזיגע אטמאָספערע שאַפט אויך דעם סטיל.

דאָס איז ניט קיין ליטעראַטור־סטיל, נאָר אַ לעבענס־סטיל.

אין אים שפּיגעלט זיך אָפּ און קריסטאַליזירט זיך די נשמה, און דאָס לעבען, פון'ם פאָלק. פון אים שיינט ארוים דער וויכער הומאָר, וואָס איז פול מיט פארגעבונג, דער הומאָר פון'ם קינסטלער, וואָס האָט זיך באַהעפט מיט זיינע העלדען און איז געוואָרען אַ טייל פון זיי—און צוזאַמען לעבען זיי און ליידען, גלויבען זיי און האָפען, דאַוונען זיי און לערנען. און נאָר אפיקורסים, וועלכע פארלייקענען דעם עיקר־אמת פון קינסטלערישער שאַפונג, קענען אזא חסיד־שריפטשטעלער ווי עגנון חושד זיין אין „סטיל לשם סטיל". וואָרים, אויב עס וואָלט אין אים אליין ניט געלעבט די הייליגע תמימות פון זיינע העלדען, וואָלט ער ניט געקענט „נאָכמאַכען" זייער גערדאַנקען־ארט, זייערע איבערלעבונגען און אופן ריידען מיט אזא תמצית'־דיגער גאַנצקייט. יעדענפאַלס—ניט תמיד. און אויב עס זאָל זיך געפינען איינער וואָס זאָל דוקא באַשטעהן אויף דעם, אַז עגנון „פארשטעלט זיך" און שפּילט די ראָלע פון דעם נאַאיווען דערציילער, וועלכער רעדט און האַנדעלט ווי זיינע העלדען—

וועט ער דאָך מיט דעם אַליין זיך מודה זיין, אַז עגנון איז אַ גרויסער קינסטלער.

אַזוי צי אַזוי, וועט די קאָנסעקווענץ זיין דיזעלבע.

אָבער דער וואָס האָט זיך פאַרטיפט אין עגנון'ס שאַפונגס־מעטאָדען, ווייס, אַז זיין גרויסקייט ליגט ניט אין נאָכמאַכען, נאָר אין זיין דבקות־דיגען צובונד צו די פאָלקס־קוואַלען. ער אַליין איז איינער פון פאָלק, אַ תם וישר, אַ בעל־בטחון און אַ בעל־אמונה, אַזוי ווי זיין וואונדערליכער העלד ר' יודעל פון בראָד; און ווען ער שילדערט דעם דאָזיגען לעבען און די דאָזיגע העלדען, די אַקטיווע אָדער די פאַסיווע—דערציילט ער דאָך, אין דער אמת'ן, וועגען זיך אַליין, זינגט ער דאָך זיין אייגען ליד.

וואָרים, צי קען מען זיך דען אין דער ווירקליכקייט פאָרשטעלען אַזאַ איש תמים ווי ר' יודל? עגנון אַליין זאָגט דאָך וועגען אים, אַז „צווישען אַ טויזענט תמימים קענסטו ניט געפינען אַ תמים ווי ער".

ער איז—אַ סימבאָל, די פאַרקערפּערונג פון גוטען און שיינעם, וואָס דער קינסטלער זוכט, און דערפאַר האָט ער אים בעשאָנקען מיט דער רייכקייט פון זיין פאַנטאַזיע, מיט'ן בעסטען פון זיין קינסטלער־חלום. אין אים האָט ער אונז געגעבען דעם געגאַרטען טיפּ, אין אים האָט ער קאָנצענטרירט אַלע ליכט־שטראַלען פון זיין זון.

אָבער ניט וועגען ר' יודעל רעדט זיך דאָ, נאָר וועגען ר' עגנון און זיין אופן־דערציילען.

און ער, דער דאָזיגער אופן, איז אין גאַנצען אידיש.

עס איז אין אים ניטאָ קיין זכר פון דער דערציילונג־קונסט פון אַנדערע פעלקער, צווישען וועלכע מיר לעבען און אין ווענעמ'ס וועגען מיר גייען.

אין דער הינזיכט דערגרייכט ער אמת'ע פרייהייט, צו וועלכער עס האָט ניט זוכה געווען קיין אַנדער העברעאישער דערציילער

אין אונזער צייט. ער האָט זיך דערגרונטעוועט צו די טיפע־נישען פון אידישען געפיל, ער איז דערגאַנגען צו דער וועזענט־ליך־אידישער אויפפאַסונג פון זאַכען — און אַזוי אַרום אומגעקערט די העברעאישע דערציילונג צו איר פאָלקס־קוואַל.

דערציילונגס־ און שילדערונגס־מיטלען, וועלכע מיר האָבען בעטראַכט פאַר טויטע, זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים אין עגנונ׳ס שאַפען — און מיט זייער הילף האָט ער געשאַפען אַלט־נייע מטבעות: וואַגיקע און זעלטענע העברעאישע אויסדרוקס־פאָרמען. תורה־פסוקים און דברי־חז״ל, וואָס זעהן אויס מאָדנע און אומקינסטלעריש אין אַ מאָדערנער העברעאישער דערציי־לונג, פלעכטען זיך אַריין און פאַסען זיך איין מיט פרייד און האַרמאָניע אין עגנונ׳ס דערציילונגען, און די מוסר־רייד וואָס ערגיץ אַנדערש וואָלטען זיי, דוכט זיך, געשטערט דער קינסטלערי־שער גאַנצקייט, גלאַנצען דאָ מיט באַזונדערען חן. און די דאָזיגע פסוקים, וואָס זיינען צוזייט איבער זיינע בלעטער (צוזאַמען מיט די מראי־מקומות, אַז אויסערגעוויינליכע זאַך אין אַ מאָדערנעם בוך) ניט נאָר שאַדען זיי ניט, נאָר פאַרקערט, אין די מערסטע פאַלען, אויב ניט תמיד, פאַרשטאַרקען זיי נאָך דעם איינדרוק און מאַכען בולט דעם כאַראַקטער פון דעם דערציילטען און געשילדערטען, און אַז ער גיט וועגען זיי צו: „יאָ, ריכטיג האָט געזאָגט דער מדרש״ אָדער „און מען דערקלערט אין זוהר״ אָדער „לקיים מה שנאמר״ און אַזוי ווייטער — זעהן מיר בעשיינפערליך, אַז דאָס איז ניט סתם אַ מיטעל צו באַפוצען און באַשיינען דעם סיפור־המעשה, נאָר אַז דאָס דרינגט אַרויס פונ׳ם דרך הספור, פון זיין אופן דערציילען, אין וועלכען עס שפּיגלט זיך אָפּ דער שטיינער און די וועלט־אַנשויאונג אי פון די העלדען, אי פונ׳ם קינסטלער.

אויך די נעמען פון די דערציילונגען, און די נעמען פון די אונטער־קאַפּיטלען, זיינען דורכאויס אידישע. דער ערשטער און צווייטער באַנד הייסען: הכנסת כלה (דער ערשטער „שידוכין״

און דער צווייטער „נישואין"). און אַלס הוספה, אָדער שלי־סעל, צום אַלגעמיינעם נאָמען גיט ער צו: „די וואונדער פון ר' יודעל פון בראָד און זיינע דריי צניעות'דיגע טעכטער און די גאַנצע געשיכטע פון דער גרויסקייט פון אחינו בני ישראל, וואָס טוען וואוינען אין דער מדינה פון „קיר"ה".

און די נעמען פון קאַפּיטלעך און אונטער־קאַפּיטלעך פון ערשטן בוך זיינען אויך כאַראַקטעריסטיש: איש חסיד היה, חכמת נשים, פתשגן הכתב, נלינה בכפרים, תולדות אדם, גם גדול היה שם, תמימי דרך, מפחד בלילות, מסובין, תכלית הימים, מפני מה רצה ר' יודיל לחזור באמצע הדרך ולמה לא חזר? סוכת שלום, נכבדות מדובר בו.

פון בוך צוויי: צדיק מצרה נחלץ ותבוא צרה אחרת, אשה מספרת עם בעלה, עולם ומלואו, שיחות מני קדם, אם על בנות, לחם לאכול ובגד ללבוש, התאנה חנטה פגיה, עשיר ורש נפגשו, הנותן לשכוי בינה, בתולה נישאת, שירת האותיות או זו תורה וזה שכרה.

און אין דריטען באַנד: „מאז ומעתה" הויבט ער אָן די דערציילונג „והיה העקוב למישור" מיט די פאָלגענדע ווערטער: „א מעשה מיט איינעם אַ מענטשען וואָס זיין נאָמען איז געווען מנשה חיים, אַ תושב פון ק"ק בוצאַץ יע"א, וואָס איז פאַראָרימט געוואָרען און זיין עניות האָט אים ר"ל פון וועג אַראָפּגעפירט און ער האָט פאַרפלעקט דעם אידישען נאָמען און האָט זיך גע־וואַלגערט און איז פאַרשוואַרצט און פאַרוואָגעלט געוואָרען און ער האָט זוכה געווען „לשם ולשארית" (ווי עס ווערט באריכות דערציילט אינווענינ אין בוך, און וועגען אים און וועגען אַזעלכע ווי ער זאָגט דער פסוק ואז ירצו עוונם און דער פירוש זאָגט **וכפרו על עוונם ביסוריהם. פאַרפאַסט און פאַרשריבען פון ש"י עגנון).**

בלויז אין פערטען באַנד, אין וועלכען עס זיינען אַריין

„מאָדערנע” זאַכען, געפינען מיר דעמדאָזיגען סטיל אין א קלענערער מאָס*).

דערצו הויבט ער אמאָל אָן, אין מיטען א דערציילונג, צו שרייבען אין גראַמען—אינוועניגסטע פערזען—אָדער אפילו גאַנצע לידער—און כאָטש עס איז אין דעם פאַראַן א שיין ביסעל שפּיל צוליב שפּיל, לייענען מיר דאָס מיט פאַרגעניגען, ווי אַן אָרגאַנישע טייל פון דער דערציילונג, און עס פאַרפאָלקאָמט דאָס בילד און פאַרשטאַרקט דעם איינדרוק.

נאָך א שטריך אין עגנונ'ס דערציילונגס־קונסט, באַזונדערס אין זיינע שטייגער־דערציילונגען, איז כדאי צו דערמאָנען.

ער שטעלט אריין א דערציילונג אין א דערציילונג. יעדען מאָל וואָס א נייער מענש דערשיינט אין דער דערציילונג, לאָזט ער אָפּ דעם הויפּט־העלד און לאָזט דעם נייעם דערציילען זיינע מעשות. אזוי איז עס אין די נסיעות פון ר' יודל און ר' נטע. אין דער אמת'ן פאַרציט זיך די רייזע ניט אזוי לאַנג, אָבער דער פּסיכאָלאָגישער איינדרוק איז, אז עס געדויערט א לאַנגע צייט און אז דער ענין איז פאַרבונדען מיט א סך געשעהענישען. אין יעדער אכסניה זיינען פאַראַן עטליכע מענשען, און יעדער איינער פון זיי האָט וואָס צו דערציילען, און א מעשה שלעפּט נאָך זיך נאָך א מעשה; אזוי וועבט זיך דאָס פילפאַרביגע געוועב.

ניט איינמאָל ווערט אויף אזא אופן איבערגעריסען דער שטראָם פון דער הויפּט־דערציילונג—די הויפּט העלדען ווערען געשטעלט אָן א זייט—אָבער דאָס אַרט אים זעהר ווייניג. ער וויל פאַר אונז אויפוויקלען א ברייטע און פילפאַרביגע לעבענס־קאַנווע און עס אַרט אים ניט ווער און ווי אזוי עס וועט אויפ־

---

*) די דאָזיגע אָפּהאַנדלונג באַציהט זיך בלויז אויף די ערשטע פיר בענד פון זיינע שריפטען. לעצטענס זיינען אַרויס צוויי נייע בענד פון „כל ספוריו של שמואל יוסף עגנון”. כרך חמישי, ספור פשוט, כרך ששי, בשובה ונחת, ספורי אגדות.

וויקלען די קאַנווע. און ווען דער הויפּט־העלד ווערט אויף אַ ווײַלע פּאַררוקט אָן אַ זייט, שטעלט זיך מיט דעם ניט אָפּ דער ספּור המעשה. און ממילא שטעלט זיך אויך ניט אָפּ די האַנדלונג. זי גײט בלויז אַריבער אין אַנדערע הענט; ווידער ווערן געוועבט ספּורי־מעשׂות; און גאָט'ס חסדים ווערן אַנט־פּלעקט צו אונז אָהן אויפהער.

אַזוי ווערט געשאַפן די ספּעציפיש־עגנונ'ישע סביבה מיט איר אַטמאָספערע, אָן אָנגעזאַפּטע מיט גאָטספאַרכטיגקייט און מענשען־ליבע, נשמה־פרומקייט און האַרץ־גוטסקייט.

אין דער דאָזיגער סביבה איז אַלץ אידיש. ניט נאָר מענש, נאָר אויך חיה און עוף; און אַפילו די ניט־לעבעדיגע נאַטור, דאָס שטילע לעבען, דעם דומם.

אַז מיר באַגעגענען אַ האָן, איז זיין נאָמען רבי זרח „און פאַרוואָס הייסט ער רבי זרח, וואָרים עס שטייט געשריבען אין תהלים קי"ג זרח בחושך אור לישרים". פון די צוויי פערד פון נטע בעל־עגלה, די פערד וועלכע פירען ר' יודל'ען און נטע'ן אויף זייערע נסיעות און וועלכע זיינען כמעט שותּפים אין דער מצווה פון הכנסת כלה, הייסט איינער—„משכני" און דער צווייטער הייסט „נרוצה" „און עס איז ניטאָ אַזאַ אכסניא וואָס מען זאָל זי ניט קענען דערשמעקען פון אַ מהלך פון אַ תחום שבת". און די דאָזיגע צוויי פערד זיינען עכטע תּלמידי־חכמים, זיי רעדען איינער צום אַנדערען מיט פּסוקים פון חז"ל. און נאָך גרעסערע תּלמידי־חכמים זיינען „די מויז און דער האָן", וואָס ריידען בלויז מיט פּסוקים. דעם האָן ווערט אלול־צייט אומעטיג אויפ'ן האַרצען און ער ציטירט פון ירמיהו י"ז ה' (ארור הגבר אשר יבטח באדם) און פון איוב ל"ג, כ"ג, און פון איכה ג', א' (אני הגבר ראה עני) און די מויז ענטפערט אים מיט טרייסט־ווערטער פון תהלים פ"ט, מ"ט (מי גבר יחיה ולא יראה מות) און פון ירמיהו י"ז, ז' (ברוך הגבר אשר יבטח בה') און אַזוי ווייטער.

און אז עס פאלט א פחד אויף די רייזענדע, וועלכע פאר־בלאנדזשען אין דער פינסטערניש פון דער נאכט—פאר וועמען האבען זיי דעמאלט מורא? — פאר דעם „וואלף און דעם לייב און דעם בער און דעם ברדלס און דעם שלאנג, וואס ווערען דערמאנט אין בבא קמא און בבא מציעא און דעם לייב און דעם בער און דעם לעמפערט און דעם ברדלס און דעם שלאנג, וואס ווערען דערמאנט אין סנהדרין".

און אפילו דאס קדחת, וואס קומט אויף א מענשען, איז ניט קיין אנדער זאך, ווי „דאס קדחת וועגען וועלכער עס רעדט זיך אין הלכות שבת סימן שכ"ח סעיף ו', וועלכע הויבט זיך אן מיט קעלט און ענדיגט זיך מיט היץ, וואס דאס איז א מין מיחוש, וואס נעמט זיך פון מאגען, און אזוי ווייטער". . .

און אז ר' יודעל וויל שלאפען, לייגט ער זיך „ווי געוועהנליך, אויפ'ן לינקען זייט, ווי עס שטעהט ביים רמב"ם ז"ל אין הלכות דעות".

און דאס זעלבע מיט די נעמען פון מענשען, שטעדט און לענדער—אלע זיינען זיי גענומען פון אידישען קוואל.

„פון וואנען נעמט זיך דער נאמען פוילען? די כנסת ישראל האט געזאגט צום אויבערשטען: רבונו של עולם, אויב עס איז נאך ניט געקומען די שעה פון מיין דערלייזונג, פה לין (לאז מיר דא נעכטיקען) אין דער גלות־נאכט, ביז וואנען דו וועסט אונז לאזען עולה זיין קיין ארץ־ישראל (און, אגב: דארטען „איז אויף יעדען בוים אויסגעקריצט א מסכתא ש"ס"). און פון וואנען שטאמט דער נאמען גאליציע? — פון „גולי ציון".

ענגנון געהט אזוי ווייט, אז ער פארגלייכט זיין העלד'ס קערפער צו אן אלף.

„צו וועמען איז ר' יודל געגליכען, בשעת ער געהט מיט'ן שטעקען אין האנט און זיינע זאכען אויפ'ן פלייצע, איינגאנצען אן איינגעבויגענער? צו אן אלף — זיין פוס זעהט אויס ווי א פוס פון אלף, און זיין קלומעק ווי דער הארב וואס שטעקט

אַרויס פון אלף" און ער גיט צו: „די חסידים ראשונים האָבען אַזוי שטאַרק זיך באַמיהט, אַז זייערע קערפּערס זאָלען אויסזעהן ווי די אותיות פון דער תורה, אַז זיי פלעגען ביים דאַווענען אויס־שטרעקעןביידע הענט ביז׳ן קאָפּ, ווי אַ מין שין, וואָס דאָס איז דער ערשטער אות אין וואָרט שדי".

בקיצור: „די תורה איז דאָס בילד פון דער וועלט, און די וועלט איז זיך נוהג לויט די מידות אין וועלכע די תורה ווערט גע׳דרשנ׳ט, און אַלע נשמות נעמען זיך פון די אותיות פון דער תורה". און „דו זאָלסט וויסען, אַז די רמ"ח איברים און די שס"ה אָדערען זיינען די באַדינער פון די רמ"ח מצוות עשה און די שס"ה מצוות לא תעשה".

אַזאַ אינערליכע און אויסערליכע אידישע גאַנצקייט, אין אויסזעהן, אין באַציהונג און אויפפאַסונג קען מען ניט געפינען ביי קיין אַנדערען מאָדערנעם שריפטשטעלער, זינט עס איז גע־שטאָרבען מענדעלי מוכר ספרים. און עגנון, וועלכער איז צאַר־טער און נאַאיווער פון מענדעלי׳ן, איז אויך אַנגענעמער און ליבער.

דער חן און די גנאַד, וואָס זיינען אויסגעגאָסען אויף די בלעטער פון זיינע ספרים, האָבען צו זיך ניט קיין גלייכען.

חן און גנאָד.

חן און גנאַד — דאָס זיינען די צוויי גוטע מלאכים, וואָס באַגלייטען דעם וואָס טרעט אַריין אין עגנונ׳ס תמימות׳דיגער, ערליכער אידישער וועלט.

דער חן — לייכט פון דרויסען, די גנאַד — שטראַלט פון אינווענייג.

עס דוכט זיך, אַז אין זיינע דערציילונגען האָט דער יצר־הרע אינגאַנצען קיין שליטה ניט, און ווען ער אַנטפּלעקט זיך יאָ אין עמיצען, מוז אים דער יצר־טוב, סוף־כל־סוף, בייקומען.

זיינע העלדען זיינען עניוות׳דיגע מענשען, וואָס זיינען

אויסגעוויקט אין ליבע און גאָטספאָרכטיגקייט, רחמנות און גוטסקייט.

די שעהנע און פרומע געשטאַלט פון ר׳ יודל, דעם הויפּט־העלד פון די צוויי בענד „הכנסת כלה״, שיינט מיט דעם טייערען ליכט פון פאָלקס־צדיקים. זיין בטחון און זיין גלויבען, זיין עניוות און זיין צדקות דערוועקען האַרץ־ציטער און הכנעה. ער און נטע דער בעל־עגלה דערמאָנען אַ ביסעל דאָס באַרימטע פּאָרעל, דאָן קיכאָט און סאַנשאָ־פּאַנשאָ. אָבער ר׳ יודל איז אַזוי ווייט פון דאָן־קיכאָט ווי די אידען זיינען ווייט פון די שפּאַניער. דאָרטען זיינען—ריטער, דאָ—חסידים. דאָרטען—קאַמף קעגען ווינט־מילען, דאָ—בטחון אין שוץ פון גייסט. דאָרטען—דער קלאַנג פון אַ שווערד און דער שפּיץ פון אַ שפּיז, דאָ—דאָס שעפּטשען פון די אותיות פון דער תורה און דעם מענשענ׳ס חשק צו טאָן דעם ווילען פונ׳ם בורא.

„פאַרוואָס איז דער מענש באַשאַפען געוואָרען מיט צוויי אויגען? ער האָט דאָך געקענט זעהן מיט איין אויג. זיינען דאָך אויף דער וועלט פאַראַן מענשען, וואָס האָבען בלויז איין אויג, און דאָך זעהן זיי וויפיל זיי דאַרפען. און מיר ווייסען דאָך, אַז ס׳איז ניטאָ קיין זאַך סתם אין דער וועלט אַריין. איז צו וואָס דאַרף מען האָבען צוויי אויגען?״

ר׳ יודל פרעגט און ר׳ יודל ענטפערט:

„דערפאַר איז דער מענש באַשאַפען געוואָרען מיט צוויי אויגען, כדי ער זאָל מיט איין אויג זעהן די גרויסקייט פון הקדוש ברוך הוא און מיט׳ן צווייטען אויג זאָל ער זעהן זיין אייגענע שפלות״.

און ער ברענגט איין משל נאָכ׳ן צווייטען כדי דאָס צו באַווייזען:

„רבונו של עולם, עס זיינען דאָך פאַראַן אויף דער וועלט אַזוי פיל מענשען, וואָס זייער נאָגעל איז בעסער פון מיר אינגאַנצען, און דאָך לעבען זיי אָהן שפּייז און אָהן דירה און אָהן

א בעט, און איך ליג אויף אַן אויסגעבעטער בעט און אויף קישענס און לײלאַכער. טאַטע אין הימעל, איך ווייס, אַז איך האָב ניט קיין זכות און קיין מעשים טובים, בלויז אויס רחמנות האָסטו זיך מיט מיר נוהג געווען מיט צדקה און גנאָד. און אַזוי זעה איך מיט איין אויג מיין אייגענע שפלות און מיט דער צווייטער אויג די גרויסקייט פון דעם אויבערשטען".

און די דאָזיגע שפלות איז אַ שוועסטער צו דער גרויסער ליבע פון דעם הייליגען ר' לייב פון סאַסאָוו, „וועלכער פלעגט מיטפילען אין צער פון יעדען מענשען אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען זיין אייגענער צער, און ער פלעגט פון זיין אייגענער קעשענע שפייזען יתומים און זיי צוואָגען די קעפּ און זיי אויס־היילען פון קרעץ. ער פלעגט זאָגען, אַז דער וואָס קען מיט זיין מויל ניט אויסזויגען די קרעץ פון קאָפּ פון אַ אידיש עופ'לע, האָט נאָך ניט דערגרייכט אפילו קיין האַלב חלק פון אידען־ליבע" (אהבת־ישראל).

און ר' יודל איז ניט דער איינציגער.

ר' אלימלך סופר, וועגען וועמען עס ווערט דערציילט אין „שני זוגות", פלעגט ניט שרייבען קיין גט'ן.

„איידער ר' אלימלך פלעגט שרייבען אַ גט, פלעגט ער פאַסטען און בייַנאַכט פלעגט ער געהן צו יענער פּאָר־פאָלק און פלעגט וויינען, און פלעגט זיי זאָגען, איך בין אַ שוואַכער מענש, און איך קען ניט פאַסטען, האָט אויף מיר רחמנות און מאַכט שלום. האָבען זיי אים געפאָלגט—פלעגט ער יענע נאַכט מאַכען אַ גרויסע שמחה, פלעגען זיי אים ניט פאָלגען — פלעגט ער ווידעראַמאָל אָנהויבען פאַסטען . . . ביז וואַנען זיי פלעגען מאַכען שלום צווישען זיך". אַזוי פלעגט ער מאַכען שלום־בית ביי אידען.

און ר' רפאל סופר, וועגען וועמען עס ווערט דערציילט אין „אגדת הסופר" (אַ סובטילע און צאַרטע דערציילונג, וואָס ציטערט מיט מענשען־ליבע) איז געווען אַ איש צדיק תמים, וואָס

פלעגט שרייבען ספרי תורות, תפילין און מזוזות. ער האָט גע־
וויכט פון אַלע עבירות שבין אדם לחברו און איז געבליבען
אַ הייליגער אין וואָרט און מחשבה אין אין טאַט, און ער איז
ניצל געוואָרען פון תאווה און גלוסטונג. און זיין צניעות'דיגע
פרוי פלעגט קאָכען און באַקען און פרעגלען און שטריקען און
וועבען און אַכטונג געבען אויפ'ן שטוב. אָבער קיין קינדער
האָבען זיי ניט געהאַט. פאַרוואָס?

„וואָרים דער אויבערשטער, וואָס גלוסט צו הערען די
תפילות פון צדיקים, האָט פאַרשלאָסען איר טראַכט".

ער האָט, הייסט עס, געוואָלט הערען די תפילה פונ'ם
צדיק.

און אַזוי אויך די אַלע העלדען, וואָס געהען אונז פאַרביי
אין לעגענדע־ציקל „פוילן" און אין די „קליינע דערציילונגען"
און „ליבע דערציילונגען".

זייער טייערסטע מידה איז — אידישער בטחון. אַלע פאַר־
לאָזען זיך אויף גאָט. און אויב דו, לייענער, ביסט אומגעדולדיג
און קענסט ניט איבערטראָגען די יסורים פון ליידענדע צדיקים
—איז עס דערפאַר, וואָס עס פעהלט דיר החמנא לצלן אביסל
בטחון, און דערפאַר איז אויף דיר גאָר אַ גרויסער רחמנות.

הונדערטער אַזעלכע שיינענדיגע פערל פון ליבע און רחמנות
זיינען צושפרייט איבער עגנונ'ס בלעטער, און דער קריטיקער,
וואָס וויל זיי איינציגווייז זאַמלען, דערפיהלט זיך אָפטמאָל הילפ־
לאָז, וואָרים עס איז אים שווער צו באַשליסען, וואָס איז וויכטיגער
און וואָס פריהער אויסצוקלייבען.

אָבער צי קלייבען מיר מער אָדער קלייבען מיר ווייניגער —
שפירען מיר אַלץ די ליבע און דעם גנאָד, וואָס טריפען פון די
שורות. עס איז דאָ אין זיי אַזאַ איינגעצאַמטער פאַטאָס און
אַזאַ איידעלע שיינקייט, אַז דאָס האַרץ ווערט באַרכאַפט פון זיי.

און אַזוי, געהענדיג, זעהן מיר ווי ר' יודל וואָגלט אַרום אי־
בער די בערג און דערפער פון גאַליציע, כדי צו זאַמלען נדן פאַר

זיין עלטערער טאָכטער פעסעלע, א מיידעל פון א יאָר צוואַנציג, וואָס קען נעבאך ניט געפינען איר באַשערטען. ער שטעהט אוים כל מיני נסיונות אויפ'ן וועג, אָבער ער ווערט ניט ענטמוטיגט, וואָרים ער געהט דאָך אין גאָט'ס שליחות מקיים צו זיין די מצווה פון הכנסת כלה. אמת, איינמאָל איז ער שוואַך געוואָרען, און ער האָט שוין געהאַלטען ביים צוריקפאָרען אַהיים. דעמאָלט האָט ר' יודל געזאָגט: איך האָב מיינס געטאָן, און אויב דער רבונו של עולם וויל ניט—צו וואָס זאָל איך זיך אריינלאָזען אין אַזאַ עסק? אָבער דאָס איז געשעהן בלויז איין מאָל, און עס איז געווען ניט מער ווי א נסיון—מען האָט אים אויסגעפּרובירט ווי ווייט ער וועט קענען אויסהאַלטען די מצווה. און ער האָלט אוים.

אין דער היים וואַרט זיין ווייב פרומע און זיינע דריי נאָקעטע און באָרוועסע טעכטער. ער האָט כמעט דערגרייכט זיין ציל—ער האָט צונויפגעזאַמעלט א היפּשע סומע. אָבער דער בעכער פון יסורים און מצוות איז נאָך ניט פאַרפולט, און די קראַפט פון בטחון איז נאָך ניט אויסגעפּרובירט געוואָרען אין אַלע נסיונות. דערפאַר האַלט דער מחבר ר' יודל'ען אָפּ אין וועג, ער רייסט אים אָפּ פון נטע דעם בעל־עגלה, ער פאַרשווענדט דאָס גאַנצע געלט זיינס—כדי ער זאָל ווידעראַמאָל אָנהויבען פון ס'ניי. ער בלייבט אָהן א גראָשען אויף הוצאות צוריק. פונדעסטוועגען איז ער משדך זיין טאָכטער צו א בחור א למדן און א ירא־שמים, און ער זאָגט אים צו צוועלף טויזענט רענדלאך נדן.

אויף וואָסער א גרונט? איז ר' יודל א שווינדלער? חס וחלילה!

נאָר אַז ער איז אַרוים אין וועג האָט אים דער אַפּטער רב, וועלכער האָט אים געגעבען א רעקאָמענדאַציע־בריוו, געזאָגט, אַז ער זאָל זיין טאָכטער געבען אַזויפיל נדן וויפיל דעם חתנ'ס פאָטער וועט געבען זיין זון, און אַזוי ווי דעם חתנ'ס

פאָטער האָט געגעבען צוועלף טויזענט רענדלאך, האָט ער אויך צוגעזאָגט די זעלבע סומע. מסתמא האָט דער אפטער רב גע־וואוסט וואָס ער רעדט.

און דער סוף פון דער מעשה? — אודאי האָט דער אפטער רב געוואוסט וואָס ער האָט גערעדט! אוןביים סוף פון צווייטען בוך „הכנסת כלה" (אונטער'ן נאָמען „נישואין"—חתונה) ווערט דערציילט וועגען דער פרייד און וועגען דעם גליק און רייכ־קייט, וואָס האָבען זיך אראָפּגעלאָזט אויף ר' יודל'ען און זיין הויז־געזינט און וועגען דער גרויסער חתונה, וואָס מען האָט געפּראַוועט מיט גרויס פּאָמפּ און פּראַכט „און די בראָדער זינגער האָבען נאָך זייערס צוגעגעבען צו דער שמחה און זיי האָבען גע־זונגען לידער זיסע ווי האָניג — לכבוד חתן וכלה.

דאָס איז דער שכר פון בטחון און פון גלויבען.

מיט רחמים.

מיט דער ליכט פון בטחון און גלויבען—אָט די צוויי שטע־רען, וואָס באַגלייטען אים אין זיין שאַפען, באַשיינט עגנון דעם לעבענס־שטייגער פון אונזערע ברידער, אחינו בני ישראל, די איינוואוינער פון מדינת הקיר"ה. און מיט זיין גרויס ליבע הויבט ער זיי אויף, אויף דעם דאָזיגען שטייגער, פון טרערען־טאָל פון דערווירקליכקייט.

וואָרים אין זיינע פאַרשידענע דערציילונגען, און באַזונדערס אין „הכנסת כלה", וויקעלט ער פאַר אונז אויף אַ לעבענס־קאַנווע, פון וועלכער עס וואַקסט אויס אַ צאַפּעלדיגער און לעבע־דיגער שטייגער, פול מיט באַוועגונג און ליידען, רייך מיט פאַר־בען און בילדער, וואָס רוישט און ווירבעלט פון מענשען און געשעהענישען.

צוזאַמען מיט זיינע העלדען, געהען מיר פון שטאָדט צו שטאָדט און פון דאָרף צו דאָרף, און אומעטום געפינען מיר נייע לעבענס־פאָרמען און שטייגער־בילדער, איינע קלאָרער פון דער

אנדערער. אידישע פרנסות און אידישע ארעמקייט, קהל־פירער־שאפט און קהל־פירער, וואס זיינען ווייט פון גערעכטיגקייט, חלפנים און סוחרים, קאריבעלניקעס און שמוגלערס, שווינדלער און לצים, בעטלער און לשון־הרע'ניקעס, באנק־קוועטשערס און מחברים, למדנים און עמי־הארצים, ישיבה־בחורים און משכילים, וואס שרייבען מליצה, גבירים וואס הערשעווען און קבצנים וואס לעקען זיך אונטער, נשים צדקניות און פרויען רכילות'ניצעס, חתונות און ברית'ן, יום־טובים און מנהגים, גלויבען און אבער־גלויבענס, מעשים וואס זיינען געוועז און מעשות ניט־געשטויגען, ניט־געפלויגען—בקיצור: דאס גאנצע ליכט און שאטען פון פאלקס־לעבען ווערט באוויזען אין די דאזיגע שטייגער־דער־ציילונגען מיט קלארקייט און פארשטענדעניש, און אויך מיט גרוים ליבע און טיפען רחמנות.

עס איז שוין געוועז אמאל א גרויסער אידישער קינסטלער פון אונזער טרערען־טאל וואס האט אים, דעם „עמק הבכא", גע־שטעלט אן אייביגען דענקמאל — אונזער זיידע, ר' מענדעלי מוכר־ספרים. איצט האבען מיר, אים צו לאנגע יאר, ווידער א מאל א נייעם אידישען קינסטלער, שמואל יוסף עגנון; און דאס וואס דער ערשטער האט געטאן פאר'ן אידישען לעבענס־שטייגער אין רוסלאנד, דאס טוט דער צווייטער פאר'ן אידישען לעבענס־שטייגער אין גאליציע. אבער איין גרויסער אונטערשיד איז פאראן צווישען זיי ביידען: אין ערשטען האט גובר געוועז די מידת הדין; אין צווייטען — איז גובר די מידת הרחמים. די כלי־זין פון ערשטען איז געוועז די שארפע און שטעכעדיגע סאטירע; דער צווייטער איז דער מייסטער פון צארטען און מעהר היילענדען מיטל — הומאר. ביי דעם ערשטען ווערען מיר אויפגעשוידערט צוזעהענדיג די ארעמקייט און דעם פונאנדערפאל, און ביים צווייטען ווערען מיר דורכגעדרונגען מיט רחמנות און ליבע — א פארגעבענדער שמייכעל ווישט אפ אונזערע טרערען.

מענדעלי איז געוועז א רעאליסט פון אנהויב ביז'ן סוף.

ער האָט אויף זיין קאַנווע אָנגעלייגט זעהר פיל פאַרבען, אַז דאָס בילד זאָל זיין בולט און שניידענדיג. ער איז אין דעם הינזיכט כמעט דערגאַנגען ביז אכזריות — ער האָט זיינע העלדען געמאַכט פאַר קאַליקעס, ניט נאָר גייסטיג, נאָר אויך קערפּערליך. פישקע'ן האָט ער געמאַכט פאַר אַ לאָמען, און די וואָס זיינען ניט געווען קיין אמת'ע בעלי־מום האָט ער געמאַכט ווי קאַליקעס, און אַפילו דעם איידעלען הערשעלע האָט ער איבערגעגעבען אין די הענט פון זיינע חברים—זיי זאָלען אים רייסען זיין לייב און פאַרוואונדען זיין פּוס ביז בלוט־פאַרגיסונג. און אין זיין באַ־ריהמט נאַכט־בילד ווייזט ער אונז ווי זיינע העלדען לויזען זיך אין שיין פון דער לבנה.

עגנון איז ניט אַזוי. זיין האַרץ איז פול מיט רחמים און ליבע, און אויב אַפילו ער גיט אונז אומעטיגע לעבענס־בילדער און זיינע דערציילונגען זיינען פול מיט טיפען פון אָרימעלייט און געשטאַלטען פון ליידענדיגע—קראַצט ער ניט די וואונדען. דער כח פון בטחון ראַטעוועט אים פון אכזריות און דער כח פון גלויבען רייסט אים אַרויס פון די הענט פון פאַרצווייפלונג.

עגנונ'ס אָרימעלייט, וועלכע געהען איבער די הייזער, זיינען ניט חס ושלום קיין געלט־זוכער. אממייסטען טוען זיי עס לשם מצווה, אַז זיי קריגען דאָס וואָס זיי ווילען — שטעלען זיי אָפּ די „ארבעט". און אַפילו פיני די כאַליערע, דער וואָס פירט דורך אַ בייזוויליגע שליחות פון דעם פּרנס ר' ישראל שלמה, אַ טיפּ, וועלכער איז אינגאַנצען איין שטיק ליגען, פאַלשקייט און שווינ־דעל, — אַפילו ער דערוועקט אין אונז ניט קיין כעס.

ביי אים איז דאָס געהן איבער די הייזער אַ מין „קונסט לשם קונסט", אַ שפּיל אַזאַ, וואָס אַמוזירט אים. אַזוי גיך ווי פיני דערזעהט בראָד, די ירושלים פון עסטרייך, מיט איר גאַנצער עשירות, מאַכט ער ביי זיך אָפּ צו געהן אַ „קאַפּיטשקע" איבער די הייזער. אויף די בראָדער נאַראָנים טאָר מען קיין רחמנות ניט האָבען. און אַפילו ווען ער פיהרט דורך זיין

שלעכטע שליחות — צו שעדיגען דעם שידוך פון ר׳ אבעלען, וועלכער איז אזוי פארהאסט ביי ר׳ ישראל שלמה׳ן—טוט ער דאס מיט אזוי פיל אינטריגאנטישער קונסט, מיט אזוי פיל קלוג־שאפט און הומאר, אז מיר האבען הנאה, אנשטאט צו קריצען מיט די ציין.

און אט איז דער פלאנטער מיט ר׳ יודל נתן זאן, דעם שטאדט־גביר, און אונזער אייגענעם ר׳ יודל חסיד, וואס זיין פאמיליע נאמען איז אויך נתן זאן. דער מחותן גלויבט, אז ער האט זיין זון משדך געווען מיט דעם רייכען ר׳ יודל נתן זאן, בעת אין דער אמת׳ן האט ער אים גאר משדך געווען מיט׳ן ארעמאן ר׳ יודל נתן זאן — דער עושר, וועלכער האט ניט קיין קינדער, באקומט פון זיין מחותן מתנות פאר דער כלה, וועלכע איז אויף דער וועלט ניטא, און ער זוכט דעם צווייטען ר׳ יודל אין דער גאנצער שטאדט בראד — און אין דערזעלבער צייט געפינט זיך דער געזוכטער, ר׳ יודל, צווישען די פורים־שפילער (עס איז פורים) ביים גביר אין הויז—אט דער דאזיגער פלאנ־טער, וועלכער איז אזוי אידיש־טראגיש, ריהרט ביז געלעכטער, געמישט מיט טרערען. „וואלטען מיר — זאגט עגנון — געווען דערביי, וואלטען מיר אויך ניט געקענט אונטערשיידען צווישען ר׳ יודל חסיד און ר׳ יודל דעם בראדער משורר און אודאי וואלט ר׳ יודל נתן זאן ניט דערקענט ניט ר׳ יוד׳לען און ניט דעם ר׳ יודל, וועלכער איז ניט געווען ר׳ יודל, נאר ער האט זיך בלויז אנגעטאן ווי ר׳ יודל״.

אזוי מאכט עגנון די ביטערקייט ווייכער, אזוי נעמט ער צו דעם וואלקען פון איבערן הימעל און פארוואנדעלט דעם טרויער אין פרייד.

זיין הומאר ראטעוועט אים פון אלדאס בייז. ער דערלאזט ניט, אז דער ווייטיק זאל צודריקען זיין געמיט און אים אנשטע־קען מיט מרה־שחורה. זיין הומאר איז דורכגעדרונגען מיט לעבענס־חכמה. און כאטש דער טאן איז א זעהר צארטער,

טראָגט דער הומאָר אויף זיך אַלע רייפקייט־סימנים פון אייַ־
נעם, וואָס האָט אַ סך געזעהן און אַ סך געליטען — און
פונדעסטוועגען האָט ער קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו גלויבען.
דערפאַר זיינען ביי אים ניטאָ קיין פאַרביטערטע. אפילו די
אָרימעלייט און אביונים נעמען ביי אים אָן אַלעם פאַר ליב.
אין „מעלות ומורדות", איינע פון זיינע „קליינע דערציילונגען",
זאָגט דער רב, וואָס ליידט אַ סך דחקות: „ווען איך וואָלט ניט
געפאַסט מאָנטאָגס און דאָנערשטאָגס, וואָלט איך געשטאָרבען
פון הונגער". וואָרים „עס זיינען פאַראַן מער רבנים ווי שטעדט־
לאַך". און אפשר מיינט איר, אַז די אָרימעלייט האָבען עפּים
טענות צו די גבירים? חס וחלילה! אויך זיי האָבען אַ גוטען,
פאַרגעבענדען שמייכעל. און אַז ר' חנג'ס פרוי פאָרט אין אויס־
לאַנד עסן טרויבען אין סעזאָן — און די אָרעמקייט פון דעם
רב'ס אַלמנה ווערט נאָך בולטער דורך דער רייכקייט פון דעם
גביר און זיין משפחה — שפּירט מען אויך דאָ ניט קיין ריח פון
קלאַסען־קאַמף. „עס איז דאָ אַ שפּריכוואָרט — באַמערקט עגנון
— אַז רייכע פרויען מעגען ליגען אין קימפּעט אפילו צוויי מאָל
אַ יאָר". און ער גיט צו אַ טראָפּען טרייסט: „די צירונג איז
היינט דאָ, און מאָרגען — אין מיסטקאַסטען".

ער ווייסט, אַז אָרעמקייט איז אַ גרויסער נסיון, וואָרים ניט
נאָר איז שלעכט דער עצם נסיון צו זעהן ווי אַזוי אַ אידיש
קינד, וואָס איז געוואוינט צו אַלדאָס גוטס מוז אָנקומען צו
אַנדערע נאָך אַ שטיקעל ברויט, נאָר וויפיל ערנידערונג און
שפיכת דמים ליגט אין דעם, און וואָס פאַר אַ שאָדענס עס טראָגט
אין זיך („והיה העקוב למישור"). אָבער דערפאַר וואָס די מאַ־
טעריעלע אויסרעכענונגען זיינען ניט דער עיקר, און געלט איז
ניט קיין אָפּגאָט צו וועלכען מען דאַרף זיך בוקען, זעהט ער די
שיינקייט אויך אין דער מיאוס'קייט, וואַרפט ער עפּים אַ ליכט
פון גייסטיגקייט און איידעלקייט אויך אויף דערדריקענדיגע דלות־
בילדער. און אויב גאָט־יתברך וויל זיינע קינדער ניט ראַטעווען

פון אָרעמקייט — ראַטעוועט זיי זייער ברודער־שרייבער, לכל הפּחות פון דער מיאוסקייט פון אָרעמקייט. און אומעטום באַגלייט ער די נדבה־קליבער מיט דברי־תורה און מעשיות, אין דער האָפענונג אויף בעסערע טעג און אין בטחון אין גאָט.

ווי קליינע נאַאיווע קינדער ווייסן זיי, אַז זיי האָבן אַ פאָטער אַ בעל־רחמים. און אויב ער האָט זיך אַפילו פון זיי צייטווייליג אָפּגעקערט, און האָט פון זיי זיין גוטסקייט אוועקגענומען — קען דאָך אָבער ניט געמאָלט זיין, אַז עס וועט זיך ניט דערוועקן זיין רחמנות און אַז ער וועט צו זיי ניט גוט ווערן ווידעראַמאָל. און אויף דער דאָזיגער גוטער שעה האַלטען זיי אין איין וואַרטען.

אַז מנשה חיים און זיין פרוי קריינדל טשאַרנע ווערען פאַראָרימט (אין „והיה העקוב למישור") ווערט וועגען זייערע גלגולים דערציילט אין אַזאַ צאַרטען און איידעלען טאָן, און מיט אַזאַ געהויבענעם און איינגעצאַמטען פּאַטאָס, אַז דאָס האַרץ ציטערט אויף ביים לייענען, אָבער קיין ביטערקייט שפּירט מען ניט, און מיאוסקייט פון דלות זעהט מען ניט, און די מענשליכע ווערדע וואַלגערט זיך ניט אין בלאָטע. „און אַז מען האָט בעדאַרפט האָבען אַ ניי קלייד, און עס ניט געהאַט — ווערט דאָרטען דערציילט — האָט מען זיך אָנגעהויבען אינדערוואָכען באַנוצען מיט די שבת'דיגע בגדים", „פלעגט מען די אָרעמקייט אַרומוויקלען אין שיינע בגדים און איינדעקען אין זיידענס" (מיין קורסיוו— מ. ר.) אָבער „אַ בגד לעבט דאָך ניט אייביק" און „אַ בעקער דאַרף זיך באַנוצען מיט אמת'ע געלט פאַר די מעהל, וואָס ער נעמט פון קרעמער". אין הויז וואַקסט דער הונגער „און עס האָט געטראָפען, אַז עס איז פאַרגאַנגען די זון און עס איז געוואָרען ערב־שבת, און עס איז אַפילו ניט געווען קיין וואָכעדיג ברויט, איז זי (קריינדל טשאַרנע) געגאַנגען און האָט גענומען אַ פּאָר שטיינער און האָט זיי אַוועקגעלייגט אונטער דעם זיידענעם צודעק, כדי לייטען זאָלען ניט זעהן אירע ליידען".

דער אידישער שטאָלץ!

אָבער ווען עס איז געוואָרען כלו כל הקצין, און גאָט האָט זיך נאָך אַלץ ניט מרחם געווען, האָבען זיי דאָס גע־האַלטען פאַר אַ סימן, אַז גאָט וויל, אַז מנשה חיים זאָל געהן איבער די הייזער. באַוואָפּענט מיט'ן טלית און תפילין און אַ תהלים און מיט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו פון שטאָדטישען רב, לאָזט זיך מנשה חיים אַרויס אין וועג. „רבונו של עולם, דו ביסט גערעכט און דיין משפט איז גערעכט".

אין די רייזעס און וואַנדלונגען פון מנשה חיים, אַזוי ווי אין די נסיעות פון ר' יודל אין „הכנסת כלה", זעהן מיר מיט אַ וואונדערליכער שאַרפקייט און קלאָרקייט דעם לעבענס־שטייגער פון פאָלק, וואָס באַשטעהט פון צוויי הויפּט־כחות: אָרעמקייט און תורה־לערנען. פון די פאַרשידענע בילדער און דערציילונגען, פון די פילע מענשען־געשטאַלטען, וועלכע ער טרעפט אין וועג, פון אַלע שטיקלאַך אייגענאַרטיגען לעבענס־שטייגער, פון די טרע־רען וואָס לייכטען ווי זוניגע פּערל אין די אויגען פון די ליידענדע און גלויבענדע מענשען, פון די שטילע ליידען אין דער אידי־לישקייט פון שטעדטל, פון דעם ביסעל ליכט און די גרויסע שאָטענס — פון דעם אַלעמען אַנטשטייט עפּיס דערהויבענעס און וואונדערליכעס, וואָס ציטערט אויף אַלע סטרונעס פון האַרצען, און מען ווייסט ניט וואָס צו טאָן: צו וויינען אויף דער אָרעמקייט אָדער לאַכען אויף דער תמימות.

ניט איינמאָל דוכט זיך, אַז דאָס זיינען ניט קיין אָרימעלייט און בעטלער, נאָר פאַרשטעלטע פּרינצען, וועלכע זיינען יעדע מינוט גרייט אַראָפּצואוואַרפען די שמאַטעס און ערשיינען אָנגע־טאָן אין בגדי מלכות און גין־גאָלד.

וואָרים, אויב זיי פאַרמאָגען ניט קיין גלענצענדען און קלינ־גענדיגען גאָלד — לייכט אָבער אַרויס פון זייער גאַנצען וועזען אַן אינערליכע, גאָלדענע שיינקייט.

דאָס האָט די האַנט פון אַ קינסטלער־צויבערער פאַרוואַנ־

דעלט די סאַזשע פון אָרעמקייט אין גאָלד־שטויב. און אַ ניי ליכט שיינט איבער זיי.

## ליכט פון אויבען

דאָס דאָזיגע ליכט איז — אַ ליכט פון אויבען.

אַז דו שפּאַנסט אַרום איבער די בייטען פון עגנון׳ס שאַפען, דערשפּירסטו דאָס פאַרבאָרגענע ליכט, וואָס שיינט אַרונטער פון אויבען. אַ ספּור המעשה איז אַ ספּור המעשה, משל און מליצה זיינען משל און מליצה — אָבער מיט דעם אַליין ענדיגט זיך עס ניט. פון צווישען די שורות שטייגט אויף עפּיס דער־הויבענעס און סימבאָלישעס, אין די געשעהנישען דערשפּירט מען אַן „עפּיס", וואָס איז אי טיף, אי הויך. און דער איינדרוק איז נאָך שטאַרקער דערפאַר וואָס עס ווערט ניט געמאַכט דער מינדעסטער פּאַרזוך צו אונטערשטרייכען דאָס פאַרבאָרגענע און מיסטעריעזע, נאָר פון זיך געהט עס אויף און צינדט אָן די פאַנטאַזיע. און אַז דו שפּאַנסט אויס׳ן באָדען פון דעם דאָ־זיגען לעבענס־שטייגער, דערשפּירסט דו פּלוצלינג דעם הימעל איבער דיין קאָפּ און אַ שיינענדע ליכט איבער דיר.

אמשטאַרקסטען פיהלט מען דאָס אין זיין לעגענדע־ציקל „פּוילען", אין זיינע „קליינע דערציילונגען" און אין אַ טייל פון זיינע „ליבעס דערציילונגען".

אין „פּוילען" דערהויבען זיך זיינע מאַרטירער־דערציילונגען צו דער הויך פון אַ סימבאָל, וואָס אין זיין צענטער שטייט און שיינט ארץ־ישראל. די טעמעס פון די דאָזיגע קורצע און פּראַכטפולע לעגענדעס, וואָס אויפ׳ן ערשטען בליק האָבען זיי ניט קיין אַנדער כוונה אויסער דאָס לעגענדאַרישע, זיינען גע־נומען פון פאָלקס־קוואַל. אָבער דאָס איז בלויז דער ערשטער איינדרוק. אַז מען פאַרטיפט זיך אין זיי דערשפּירט מען דעם איינגעצאַמטען פּאַטאָס און מען פאַרנעמט דעם רויש פון דעם קוואַל, וואָס פליסט ערגיץ פאַרבאָרגען. דאָ באַגעגענען זיך די

ווירקליכקייט און די פאַנטאַזיע. און אַ דינער שלייער פאַר־
דעקט אַלצדינג. פאַרטווישט זיינען די גרעניצען צווישען דער
וועלט און יענער וועלט, צווישען גלות און ארץ־ישראל.

כאַראַקטעריסטיש איז די רירענדע לעגענדע זיינע „אַ
מעשה מיט אַ ציג". די ציג האָט געהערט צו אַ זקן, וואָס
פלעגט שטאַרק הוסטען, און דער רופא האָט אים געהייסען
טרינקען ציגענע מילך. טרעפט זיך אַ מעשה און די ציג ווערט
פאַרשוואונדען. גייט מען זי זוכען, אָבער מען קאָן זי ניט
געפינען. שפּעטער מיט עטליכע טעג איז זי אַליין צוריקגעקומען
און אירע אייטערס זיינען געווען פול מיט מילך, וואָס האָט אין
זיך געהאַט אַ טעם גן־עדן. דאָס האָט זיך איבערגע'חזר'ט
עטליכע מאָל. זאָגט דער אַלטער צו זיין זון: „זון מיינער, איך
וואָלט וועלען וויסען, וואוהין גייט די ציג און פון וואַנען בריינגט
זי די דאָזיגע מילך, וואָס איז אַזוי זיס און ברייינגט היילונג
מיינע גלידער". האָט אים זיין זון געגעבען אַן עצה, ער זאָל
קויפען אַ שטריקעל, און ער זאָל זי צובינדען צום עק פון דער
ציג, און ווען ער וועט דערשפּירען, אַז זי האַלט ביים געהן,
זאָל ער דאָס שטריקעל אָנכאַפּען ביים עק און אַרויסגעהן צו־
זאַמען מיט איר. און אַזוי האָט ער טאַקי געטאָן. ווען די ציג
איז אַרויס אין וועג, האָט דער זון אָנגעכאַפּט דאָס שטריקעל
און איז איר נאָכגעגאַנגען, ביז וואַנען זיי זיינען געקומען צו אַ
הייל. „אַזוי זיינען זיי געגאַנגען אַ שעה אָדער צוויי. און אפשר
אַ טאָג אָדער צוויי. די ציג אָבער האָט געדרעהט מיט'ן עק און
געמעקעט מיט'ן צונג ביז זיי זיינען געקומען צום סוף פון דער
הייל. ווי נאָר זיי זיינען אַרויס פון דער הייל האָבען זיי דער־
זעהן הויכע בערג און בערגלאַך מיט שעהנע פרוכט און וואַסער־
קוואַלען, וואָס פליסען אַראָפּ פון די בערג און אַ ווינט וואָס
צוטראָגט כל מיני ריחות און בשמים, און די ציג האָט אַרויפ־
געקלעטערט אויף אַ בוים און האָט זיך אָנגעהאַלטען אָן זיינע
צווייגען און באַקסערען, וואָס זיינען געווען פול מיט האָניג,

זיינען געפאַלען פון בוים און זי האָט גענעסען די באָקסערען און געטרונקען פון גאָרטען־קוואַל. האָט זיך דער בחור גע־שטעלט און האָט אויסגערופען צו די פאַרבייגעהער: „איך באַ־שווער אייך, ליבע מענשען, וואו בין איך, און וואָס איז דער נאָמען פון דעמדאָזיגען פּלאַץ?" ענטפערען זיי אים: „דו ביסט אין ארץ־ישראל, און דער פּלאַץ איז לעבען צפת". האָט דער בחור אויפגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל און געזאָגט: „גע־בענשט זאָלסטו זיין, וואָס דו האָסט מיך געבראַכט קיין ארץ־ישראל". און ער האָט געקושט די שטויב און ער האָט זיך גע־זעצט אונטערען בוים.

און דער דאָזיגער בחור איז שוין פאַרבליבען אין הייליגען לאַנד. אָבער זיינע עלטערען האָבען ניט זוכה געווען אהין צו קומען, וואָרים ער האָט מיט דער ציג געשיקט אַ צעטעלע, און ער האָט ביי זיך געטראַכט: „ווען די ציג וועט קומען צום פאָ־טער, וועט ער זי גלעטען איבער'ן קאָפּ און זי וועט אַ טרייסעל טאָן די אויערען, וועט דאָס צעטעלע באַלד אַרויספאַלען פון אויער, וועט דער טאַטע איבערלייענען וואָס עס שטעהט אין צעטעלע געשריבען און וועט זיך אָנכאַפּען ביים שטריקעל און וועט קומען מיט דער ציג קיין ארץ־ישראל". אָבער דער פאָטער האָט דאָס צעטעלע ניט געפונען און פון גרויס צער פון דעם, וואָס זיין זון איז ניט צוריקגעקומען, האָט ער די ציג געשאָכטען. ערשט נאָכדעם ווי ער האָט זי געשאָכטען, האָט ער געפונען דאָס צעטעלע. אַ לאַנגע צייט האָט ער געטרויערט אויף דער ציג, וואָס מיט איר הילף וואָלט ער געקענט מיט איין שפּרונג אריינ־קומען קיין ארץ־ישראל. „זינט דעמאָלט איז פאַרשלאָסען דער אריינגאַנג צו דער הייל און עס איז מעהר ניטאָ קיין קור־צער וועג".

דער דאָזיגער צובונד צו ארץ־ישראל, וואָס אין אַ שעה אָדער צוויי, אָדער אין אַ טאָג אָדער צוויי קען מען מיט דער

הילף פון א שטריקעל אהין דערגרייכען, קומט צום אויסדרוק ניט אין איין דערציילונג עגנונ׳ס.

אין דער מעשה מיט׳ן „משולח פון היילינען לאנד ת״ו" ווערט דערציילט ווי א בית־מדרש אין א פוילישער שטאָדט רייסט זיך אָפּ פון זיין פּלאַץ און פאַרנעמט זיך אויפ׳ן וועג קיין ארץ־ישראל. דער משולח פון היילינען לאנד געהט פאַר־אוים פאַר׳ן בית־מדרש און זינגט מיט אַ אומעטיגער שטימע: „אוהב ד׳ שערים המצוינים בהלכה" און ער ענטפערט אויף זיין אייגענער שטימע: „עתידין בתי־כנסיות ובתי־מדרשות בחוצה לארץ שיקבעו בארץ־ישראל". דער משולח געהט פּאַמע־לעך און נאָך אים געהט דער בית־מדרש מיט זיינע ספרים און טישען. ביז וואַנען זיי זיינען געקומען צו אַ טייך, איז פאַר־שוואונדען דער משולח און מיט אים דער בית־מדרש — און דער פּלאַץ איז געבליבען הויל און נאַקעט. אָט אַזוי זעהן מיר ווי ניט נאָר מענשען קענען, דורך דער הייל, אויף אַ וואונדער־ליכען אופן דערגעהן קיין ארץ־ישראל, נאָר אויך ווענט און שטיינער.

ניט וועגען דער ארץ־ישראל, וועלכע מיר קענען היינט, דער־ציילט ער אונז, נאָר וועגען אַ צויבערהאַפטער, לעגענדארישער ארץ־ישראל, וואו דער פאָטער איז שטאַרקער פונ׳ם זון און דער זיידע איז אינגער פונ׳ם פאָטער. וואָס עלטער איינער ווערט, אַלץ שטאַרקער ווערט ער. וואָרים דאָרטען הויבט זיך דאָס לעבען אָן פון אָנהויב, פון בראשית. און די פריהערדיגע יאָרען ווערען אינגאַנצען ארויסגענומען פון חשבון („השנים הטובות"). ארץ־ישראל איז דער שפּיגעל פון עולם הבא, זי איז דאָס ליד פון דער צוקונפט. ווען איינער ווערט עלטער און טרייסעלט אָפּ פון זיך אַלע נארישקייטען, שטאַרקט ער זיך און איז עולה קיין ארץ־ישראל („ברית אברהם"). די אַלטקייט הערט אויף צו זיין אַלטקייט. זי איז דער אָנהויב פון אייביגקייט. וואָרים ארץ־ישראל איז די קרוין אויפ׳ן קאָפּ פון ישראל, זי איז דער ענדציל,

צו וועלכען עס שטרעבט יעדער איד, דער פּלאַץ, וואו ער וועט געפינען רוה און גליק.

מען דאַרף זיך ניט וואונדערען, וואָס עגנון, וועלכער לעבט אין ציון, זעהט ניט דעם נייעם ישוב. לויט'ן עצם געוועב פון זיין שאַפונג און זיין גאַנצען לעבענס־וועג, לויט זיין אינערליכער וויזיע, פּאַסט זיך פאַר אים צו זעהן און צו ווייזען אונז אַן אַנדער ארץ ישראל — אַ לעגענדאַרישע, אַ וואונדערליכע, אַ הייליגע.

דער אינערליכער ריטם פון זיין שרייבען שטימט ניט מיט'ן ריטם פון טאָג־טעגליכען לעבען. אי זיינע העלדען, מיט אַלע זייערע לעבענס־ערפאַרונגען, אי זיין אייגענע וויזיע, מיט זיין תפיסה, פאָדערען אַזאַ ארץ־ישראל, ווי די וואָס ער גיט אונז אין זיינע דערציילונגען.

די אידישע מעלאָדיע, וואָס ער האָט געשאַפען, שליסט זיך מיט אַן אַקאָרד, וואָס פאַרפולקאָמט די האַרמאָניע און פאַרטיפט די שיינקייט.

„און דאָס איז דער סוד פון גרויסקייט און פעסטקייט און דערהויבענקייט און ליבשאַפט, וואָס עס פיהלט יעדער אידישער מענש" (עגונות, מעשה רב מאה"ק ת"ו").

ליבע.

אָט דער אייגענאַרטיגער, דערהויבענער „עפּים", דער רעלי־גיעז־מיסטישער ציטער, וויברירט אויך אין זיינע ליבע־דערציי־לונגען. אין די דאָזיגע ליבע־דערציילונגען, ווי אין די ליבע־בליצען, וואָס שניידען זיך דורך אומערוואַרטעט אין אַנדערע דערציילונגען זיינע, באַווייזט ער זיין כח מיט ראַפינירטער פיינפיליגקייט און איידעלער אויסדרוק־קראַפט. דאָ איז ער אינגאַנצען זייד. און אַן אויסטערליש און ווייט ליכט ציטערט איבער די פעדים פון דעם צאַרטען געוועב, וואָס רופט זיך ליבע.

זיין ליבע, ווי זיין גלויבען, ווי זיין רחמנות, איז אינגאַנצען,

פון אָנהויב ביז׳ן סוף, אידיש. זי פאַרמאָגט: צניעות, תמימות און ריינקייט. דאָס איז אַ לעבענס־מצווה—און אַ גאָטספאַרכטי־גער איד, וואָס איז מקיים אַלע מצוות, היט אויך אָפּ און איז מקיים—די מצווה פון ליבע.

ער האָט זעהר ליב מזווג זיין זיווגים און האָט גרויס הנאה פון באַשרייבען חתונות, ווייל דאָ ווערט באַפרידיגט דער אידישער געפיל פון ליבע. און כדי מקיים זיין די מצווה פון פּריה ורביה, האָט ער דעם תמימות׳דיגען און שטילען ר׳ יודל אַרויסגענומען פון זיין היים און אים פאַרוואַנדעלט אין אַ נע ונד. אַרום דער געשיכטע האָט ער אויפגעבויט דעם בנין פון זיין „הכנסת כלה״.

אָבער זיין ליבע איז ניט בלויז אַ „פּראַקטישע״. ער איז אַ סך שטאַרקער ווען ער דערציילט וועגען דער העכערער ליבע, אַ ליבע וואָס קומט ניט צום אויסדרוק אין אַ זווג, נאָר ברענט ווי אַ פלאַם אין קערפּער, וואָס פאַרדאָפּעלט די בענקשאַפט און פאַרשאַרפט די לעכצונג — אַ ליבע, וואָס גרעניצט זיך מיט רעליגיעזען באַגער, מיט דער — „אהבת דודים״ פון שיר השירים, מיט דער אַלט־אידישער, ראַסישער עראָטיק.

אין דעם ארון קודש, וואָס אורי, דער אידישער קונסט־מייסטער בויט (אין דער דערציילונג „עגונות״) גיסען זיך צונויף די דאָזיגעביידע יסודות — ליבע און רעליגיע. ער טוט זיין אַרבעט, ער הובעלט דעם ארון און זינגט, און דינה, וועלכע ליבט אים אין דער שטיל, הערט זיין שטימע און קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. די נשמות פון ביידע פאַרליבטע זיינען פאַר־באָרגען געוואָרען אין ארון און אין יעדער שניט און הובעל ווערט אויסגעקריצט אַ ליבע־אות. און פון קנאה צוברעכט דינה דעם ארון, וואָס איז געשטאַנען צווישען איר און אים.

דינה האָט געזינדיגט, און אויף איר נאַכט־געלעגער רייסט זיך פון איר אַרויס אַ גיהנום־פלאַם און פאַרצערט זי. און ער? ער ליגט צווישען די ביימער פון גאָרטען און חלומ׳ט וועגען

אַ פידעל, וואָס זיינע סטרונעס האָבען געפּלאַצט און וואָס זיינע מעלאָדיעס זיינען פון אים אַרויסגעפלויגען. און צו וואָס איז דאָן געגליכען געוואָרען דער ארון? „צו אַ פרוי, וואָס שפּרייט אויס אירע הענט אין אַ תפילה, און אירע צוויי בריסט זיינען די צוויי לוחות הברית, וואָס טראָגען זיך פון איר האַרץ אין אַ תפילה צו איר פאָטער אין הימעל".

ליבע און רעליגיע האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען.

און נאָך אַ זווג איז דאָ: ליבע און טויט.

וואָרים אין סאַמע יסוד פון דער ליבע איז פאַרבאָרגען דער טויט. אויף דעם דאָזיגען זווג האָט שוין מרמז געווען דער דיכטער פון שיר־השירים אין זיין אייביגען פסוק: „עזה כמות אהבה" („שטאַרק ווי טויט איז ליבע"). פון „בדמי ימיה", די רעאַליסטישע דערציילונג מיט וועלכער ער הויבט אָן די „ליבע־דערציילונגען", ביז „חופת דודים", די פּאָעמע, וועלכע איז פאַרשלייערט אין סוד און ניט־דאָאיגער שיינקייט, מיט וועלכער ער שליסט דעם בוך, גייען דורך די ליבע און דער טויט געשלאָסען אָרעם־אין־אָרעם.

מענש און נאַטור ווערען פאַרשלונגען און דעם דאָזיגען סוד און מיט אַן אויסערליך עפּישער רוהיגקייט גיט ער אונז אַ קאַפּיטעל לעבען אַרום דעם בית־הקברות. און אין אנגעזיכט פון טויט זעהט מען אַלץ אין אַן אַנדערער, שאַרפערער ליכט.

עגנון'ס שאַפונג איז אַ גרויסע און ווערטפולע מתנה צו אונזער ליטעראַטור — און עס איז אַ גרויסער חידוש, אַ טרויער־ריגער חידוש, וואָס אַזאַ מייסטער־דערציילער, וואָס איז אַזוי אָריגינעל־אידיש און אייגענאַרטיג אין זיין אופן שרייבען, האָט נאָך ניט זוכה געווען צו יענער אָפּשאַצונג און אנערקענונג, צו וועלכער ער איז ראוי.

ער האָט אין זיינע דערציילונגען געגעבען אונזער פאָלקס־לעבען מיט אַלע זיינע פאַרבען, און ער האָט אַנטפּלעקט זייער פאַרבאָרגענע שעהנקייט. ער האָט פון שטיקלאך און ברעקלאך

אויפגעבויט אן אייגענארטיגען לעבענס-שטייגער און אים באַ־לויכטען מיט א ליכט פון אויבען. ער האָט פאַר אונז פאַרבײ־געפירט א גאַנצע גרופּע מענשען־טיפּען און א רייע געשעהענישען, וועלכע זיינען סימבאָליש. ער האָט אַנגעריירט דעם יסוד־היסודות פון דער אידישער נשמה — איר גאולה־בענקשאַפט. פון די טיפענישען פון גלות האָט ער אויסגעשעפּט די פּערל, וואָס הייסט ארץ־ישראל, פון דעם זומפּ פון דלות האָט ער אויסגעגראָבען גייסטיגע רייכטימער, אין דער גרויער ווירקליכקייט האָט ער געזוכט און געפונען די פונקען פון וויזיע. די טיערסטע אייגענ־שאַפטען פון פאָלק, גלויבען און בטחון, האָט ער דערהויבען צו הויכע מידות, איבער וועלכע עס שוועבט דער גייסט פון אַן אויסגעלייטערטער און ריינער מענשליכקייט. ער איז אריין אין גאָרטען פון ליבע און מיט דבקות און עקסטאַז האָט ער אָנגע־רירט די פאַרבאָרגענסטע סטרונעס און האָט זיי אויפגעברויזט אין זילבער־מעלאָדיעס. אין שיינע, שאַרפע דיאַלאָגען, אין טרעפענדיגע, תמצית'דיגע שילדערונגען, אין א שפּראַך, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט לעבענס־זאַפטען, האָט ער אויסגעפלאָכטען א פּראַכטפולען געוועב פון פאָלקס־מעשות און לעגענדעס, וועלכע ווערען אונז אַלץ נעהענטער וואָס מעהר מיר ווערען דערווייטערט פון זיי.

און עס וואָלט גוט געווען, ווען מיר וואָלטען געפונען דעם וועג, ווי אַזוי צו ברענגען עגנון'ען צום פאָלק — אָדער ריידענדיג אויף זיין שפּראַך — יתמשך לבם אחריו כשם שנתמשך לבו אחריהם—וואָרים, פון פאָלק איז זיין שאַפונג געקומען און צום פאָלק דאַרף זי זיך צוריקקערען.

# בר־טוביה

בר־טוביה איז געווען פון די שטילע און צניעות'דיגע מענ־שען, פון די פארטיפטע אין זיך שרייבער, פון די אפגעזונדערטע און איינגעהאלטענע פארשער, וואס דער קלאנג פון זייער ווארט און די שיין פון זייער נשמה דערגרייכען ניט אזוי גיך די גאס.

ער איז ניט געווען פון די, וואס געהען אויף די אויסגעטרא־טענע וועגען, און רעדען פון זאכען, וואס „אינטערעסירען אלע־מען" און שאפען זאכען, וואס יעדער „מוז" האבען.

ניין. ער איז געווען פון די, וואס געהען, פארטראכט און פארטיפט, אויף די זייטיגע וועגען. אים האבען אינטערעסירט זאכען, ערשיינונגען און מענשען, וואס קיינער פונ'ם „ברייטען עולם" האט זיי אפשר ניט באמערקט. און אויב אפילו באַ־מערקט, זיכער ניט פארשטאנען.

ער איז געווען צייטענווייז א פובליציסט — אבער זיין פוב־ליציסטיק איז געווען צו־ווייניג אקטועל. צופיל אינערליך, שטיל, פילאזאפיש־ליריש. אין זיין נשמה האבען זיך געשעהענישען איבערגעבראכען און ערשינען אין א ווייטער ליכט, אין א הי־סטארישער פערספעקטיוו, אין א דענקעריש־דיכטערישער פארם. אים האט געצויגען ניט דער „דרך־המלך", ניט דער לאנגער־ברייטער, העלער־אויסגעטראטענער וועג, נאר יענע פארבארגענע סטעזשקעלאך, אויף וועלכע ס'ווערען פארבלאנדזשעט די איינ־צעלנע, וואס בלאנדזשען, די געצעהלטע, וואס זוכען און ליידען,

די קדושים און די נזירים, די נביאים און די זעהער, די עלענדע טרוימער און די „גאָט־פאַר־שכור׳טע", וואָס אנטלויפען פון זינד.

איינע פון זיינע ערשטע און וויכטיגע אַרבייטען איז דער „ספר־נזירים" — דאָס בוך פון אַסקעטען. און אין יענעם בוך, וואָס גיט אַ היסטאָריש־וויסענשאַפטליכע אָפּהאַנדלונג וועגען אַסקעטיזם ביי אידען, אנטפּלעקט זיך ניט נאָר זיין אופן דענקען און שרייבען, נאָר אויך זיין אופן זעהן און פיהלען, זיין „איך". ער איז אליין פון יענע אידישע נזירים־נאַטורען, וואָס אנטלויפען פונ׳ם לעבען ניט כדי זיך צו פייניגען, נאָר, פאַרקערט, זיך ליי־טערען און שטאַרקען, זיך צוגרייטען און רייניגען פאַר׳ן לעבען און פאַר׳ן קאַמף.

שמשון הגבור איז אויך געווען אַ נזיר. איז דאָ אין אים עפּעס פון דער שוואַכקייט, וואָס קומט פון פייניגונג? ניין. ער איז די פאַרקערפּערונג פון גבורה און פרייהייט, פון גלויבען און כח. זיין געשטאַלט איז די געשטאַלט פון אַ פאָלקס־העלד, וואָס האָט זיך באַפרייט פון אלע קליינע תאוות און זינד, פון אליץ, וואָס לויערט אויף דער ריינקייט און שטאַרקייט פונ׳ם מענשליכען גייסט און מענשליכען ווילען — און מיט דעם כח, וואָס ער האָט געזאַמעלט און קאָנצענטרירט אין זיך, און מיט דעם דערווייטע־רען זיך פון וויין, דער אָנפאַנג און סימבאָל פון אלע תאוות, האָט ער דערגרייכט צו דער הויכער מדרגה פון נזירות, וואָס האָט אים געגעבען כחות צו צורייסען לייבען און אָנוואַרפען אַ מורא אויף די שונאים פון זיין פאָלק.

און אזוי ווערט דער נזיר אַ הערשער, און די האָר, וואָס ער לאָזט וואַקסען אויף זיין קאָפּ — אַ קרוין. די לאַנגע האָר זיינען געווען „נזר אלהים על ראשו" — גאָט׳ס קרוין אויף זיין קאָפּ. און דערפאַר איז אזוי לאָגיש, ווען ר׳ אברהם אבן עזרא זאָגט: „ויש אומרים כי מלת נזיר מגזרת נזר", ד. ה., אז דאָס וואָרט „נזיר" — אַסקעט — שטאַמט פונ׳ם וואָרט „נזר" — קרוין.

און אויב אין שמשונ׳ען איז די פיזישע מאַכט גרעסער און

שטארקער פון דער גייסטיגער — קומט דער צווייטער נזיר, שמואל הנביא, און גיט אונז א העכערען אויסדרוק פון דעם טיפ נזיר. אין אים באקומט דער גייסט שוין א שטארקערען און רייפערען אויסדרוק, און אזוי געהט עס העכער און העכער — ביז דער וואונדער־געשטאלט פון דער אידישער פאנטאזיע — אליהו הנביא און ווייטער, ווייטער — צו די שפעטערע נביאים.

אזוי זעהען מיר ווי בר־טוביה פאסט אויף די מערקווירדיגע ערשיינונג פון נזירות — אסקעטיזם.

ביי אים איז דאס א וועג ניט פונ'ם לעבען נאר צום לעבען. גרויסע, פלאמענדע נשמות אנטלויפען אין מדבר אריין זיך שטארקען, זיך גרייטען, זיך לייטערען — טרינקען פונ'ם קוואל — כדי זיי זאלען זיך אומקערען מיט שטורם און דראנג — ווי דער גרויסער שטורמדיגער אליהו — צוריק צום לעבען, און זיי וועקען און זיי מאכען עס שעהנער, רייכער, הייליגער.

און דא ליגט די נשמה פון בר־טוביה'ן אליין, פון זיין שאפען און זיין גלויבען.

ער איז אליין געווען א שטיק נזיר און אנפעזונדערט און איינזאם פלעגט ער לעבען, ליידען און שאפען. און איצט, נאך זיין טויט, זעהען מיר נאך העלער זיין געשטאלט, ווי זי האט געשטראלט פון גלויבען און פון ליבע.

אין אלעס, וואס ער האט געשריבען, איז דא א טיפע ליבע צום לעבען און צו אלעס, וואס לעבט. ער איז קיינמאל ניט געווען קיין קטיגור, קיין באשולדיגער.

ער האט געהאט אין זיך א ריהרענדע ווייכקייט און זיין אפגעזונדערטקייט האט אנגעפילט זיין הארץ ניט מיט ביטערקייט, נאר מיט בענקשאפט — צום שיינעם, וואס איז דא אין מענשען. און זיין עלענדקייט האט אים צוגעבונדען נאך מער צו די קוואלען פון מאראל און עסטעטיק. זיין דערווייטערטקייט פון מענשען האט אים דערנעהענטערט צום מענשליכקייט און זיין התבודדות האט אים נעהענטער געבראכט צו גאט. און אזוי

אויך זיין ווייט־זיין פון א אידישען צענטער (אין דער שווייץ און אין פראנקרייך, וואו ער האט געלעבט פאר פילע יארען). דאס האט אים אפשר דערהוויטערט פון אידישע מאסען געאגראפיש, אבער גייסטיג איז ער געווען טיף פארוואָרצעלט אין אידישקייט און מ'קען זאגען, אז ער איז געווען פאר'שכור'ט פון איר. אין אלע ווייטע און פארבארגענע ווענען, אויף וועלכע ער האט געבלאנדזשעט האט ער געזעהן איר ליכט און איר גרויסקייט. ער איז געווען א סאציאלער דענקער און פארשער מיט א נייגונג צו אוטאפיזם (נאך אין אנהויב פון זיין ליטעראַרישער ארבייט האט ער איבערזעצט אין העברעאיש בעלאמי'ס אוטאפיע „אין הונדערט יאר ארום"). און אין זיינע פילע ארבייטען, וואס ער האט פארעפענטליכט אין אלע וויכטיגע העברעאישע זשורנאלען און זאמעלביכער (הדור, המעורר, ספרות, רשפים, רביבים, השלח, העתיד, מקלט, הדואר, התקופה א. א. וו.), איז ער געווען פון די ערשטע און כמעט איינציגע אויפ'ן געביט פון סאציאלער פארשונג. ער האט אויך איבערזעצט אין העברעאיש לאנגע'ס גרויסע ווערק „געשיכטע פון מאטעריאליזם". דורך אים איז עס דער העברעאישער לעזער באקאנט געווארען מיט די טעאָריעס פון סאציאליזם און אנארכיזם, ווי אויך מיט זייערע שעפער און טרעגער. און סען־סימאן און מארקס און הערצען און באקונין און קראפאטקין — אלע די און פילע אנדערע גדולים פון דער „דת־המהפכה" (רעליגיע פון רעוואלוציע) שאפען דאס געוועב פון זיינע פיינע און גייסטרייכע עסייען.

ער איז פארכאפט פון פאטאס פון די דאזיגע גלויביגע, וואס האבען געהאט א חלום פון א נייער וועלט, וואס האבען געשאפען א נייע רעליגיע — א רעליגיע פון רעוואלוציע. און ער איז מיט גרויס ליבע און פארשטענדניש נאכגעגאנגען זייערע טריט און געפונען אין זיי דאס פייער, וואס האט אין זיך אפשר מער רעליגיע, ווי רעוואלוציע.

און מחמת ער זוכט תמיד דאס פארבארגענע ליכט — האט

ער ליב צו אנטפלעקען אידישקייט דארט, וואו קיינער פון אונז האט קיינמאל אזא מין זאך ניט חושד געווען. און אין דער הינ־זיכט איז זעהר כאראקטעריסטיש איינע פון זיינע געלונגענסטע עסייעס „אתונה" (אין התקופה, 17).

ציצערא דערצעהלט: סאקראט איז אמאל געזעסען אין א געזעלשאפט. איז דארטען געווען א מענש מיט׳ן נאמען צאפער, וואס האט געקאנט די „חכמת הפרצוף", ד. ה., ער האט געקאנט „לייענען" פון מענשען׳ס פנים זיין כאראקטער. האט ער זיך איינגעקוקט אין סאקראט׳ען און האט געפונען, אז ער איז פול מיט שווערע תאוות. האבען אלע אנוועזענדע זיך צולאכט, א חוץ סאקראט, וועלכער האט זיך געקאנט און געוואוסט דעם אמת. און ער האט געזאגט: יא, איך האב געהאט א נייגונג צו די אלע תאוות, אבער איך האב זיך איינגעהאלטען און מנצח גע־ווען מיינע שלעכטע נייגונגען.

דערצו לייגט צו בר טוביה:

אין די אידישע מוסר־ספרים ווערט דערצעהלט דיזעלבע מעשה וועגען משה רבנו.

און וועגען די דריי גראציעס אין אקראפאלים, וואס סא־קראט האט זיי ניט געקאנט זעהן אין זייער נאקעטקייט און האט זיי „אנגעטאן" שווערע קליידער, זאגט בר־טוביה: ניט ווילענ־דיג דערמאנט זיך אונז דער אידישער סקולפטאר אנטאקאלסקי, וואס פלעגט זיצען אין דער נאקעטער פאריז און אנטאן זיינע סטאטוען.

ער זעהט אזוי ווייט אין זיינע פארגלייכונגען ביז ער פאר־ניכטעט דאס גריכישע אין סאקראט׳ן און ברענגט אים ביז צו אידישקייט.

און אנאקסאגארעס „שכל פון דער וועלט" („נוס") ווערט ביי אים „דער גאט פון דער תורה". דער שכל איז דער ערלייזער פון זינד. ער לייזט אויס די וועלט פונ׳ם כאאס פון די מא־טעריעלע עלעמענטען און מיט דער הילף פון דער תורה האט סא־

קראט געוואָלט אויסלייזען זיין אייגענע נשמה און אויך — אַטהענס.

האָט סאָקראט געלערענט: אַ מענש זינדיגט נאָר פון אומ־וויסען.

לייגט צו בר־טוביה:

אויך אַזוי האָט געזאָגט אונזער תנא ר' שמעון בן לקיש: „אין אדם עובר עברה אלא אם כן נכנסה בו רוח שטות", ד. ה., דער מענש באַגעהט אַן עברה נאָר דאַן, ווען אַ נאַריקשייט באַ־פאַלט אים.

איז דאָ עפּעס אַן אונטערשיד צווישען סאָקראַט'ען און ר' שמעון בן לקיש?

און ווידער אַמאָל:

סאָקראַט האָט געזאָגט: בעסער זאָל אַ מענש אַליין ליידען יסורים איידער ער זאָל גורם זיין יסורים צו זיין חבר.

ווי ווייט איז דאָס פון דער תורה פון אונזערע נביאים?

און מיט התמדה און איבערצייגונג זעצט בר־טוביה פאָר זיינע פאַרגלייכונגען צווישען סאָקראַט'ען און די אידישע נביאים און ער זעהט אין זיין, סאָקראַט'ס, קאַמף געגען זיינע צייט־גענאָסען, דעם אַלטען קאַמף צווישען אידענטום און גריכענטום. און ניט אומזיסט האָט פרידריך ניטשע געצווייפעלט אין סאָ־קראַט'ס גריכענטום. ער איז צו מיאוס צו זיין אַ גריך...

און ער גיט אַ ווייטען וואונק: אַ צו גרויסען פרייז האָט די וועלט באַצאָלט פאַר דער תורה, וואָס דער דאָזיגער זון פון אַטהענס — פּלאַטאָ, דער גרעסטער תלמיד פון סאָקראַט — האָט באַקומען פון מצרים — און אפשר פון די אידען פון מצרים?

און בר־טוביה איז צופרידען, ווייל פאַר אים איז דאָס ניט ניי. די אידישע לעגענדע האָט שוין לאַנג דערפיהלט די זאַך און האָט דערצעהלט, אַז פּלאַטאָ האָט געלערענט תורה פון ירמיה הנביא אין מצרים.

און אַזוי געהט ער, מיט אַן אייגענאַרטיגער דיאַלעקטיק, און

פירט צו די גרויסע לערע פון סאָקראַט און פּלאַטאָ צו די טויערען פון אונזער תורה, די תורה פון אידישקייט, וואָס איז „א וועלט־קראַפט פאַר'ן לעבען אין נאָמען פונ'ם גרויסען שכל, דער שכל פונ'ם לעבען".

און דאָס איז ניט קיין פּלפּול.

ווייל א מענש, וואָס איז אוועק און האָט זיך דערהויבען איבער די קליינינקייטען פון וואָכעדיגען לעבען און נארישקייטען פון פאָראורטיילען, וואָס האָט אָפּגעשיילט די שאָלעכץ און האָט זיך דערשלאָגען צום קערן, קען זעהן זאַכען אין זייער מקור, אין זייער וועזענטליכען אמת.

און פון זיין עלענדקייט אין לעבען, פון דעם מדבר פון זיין איינזאַמקייט, זעהט ער בעסער ווי אַנדערע דאָס אמת'ע ליכט פון פרייהייט און ליבע, וואָס שיינט צו אונז אַרויס פון די וויטקייטען פון אַמאָליגע דורות און פון די טיפקייטען פון אַלגעמיין־מענשליכער חכמה — און ער זאַמעלט אין זיך כוחות פאַר'ן לעבען, פאַר'ן צוריקקער, מיט וועלכע ער זאָל קאָנען דערהויבען די מענשהייט, אויסלייטערען זייערע נשמות, מאַכען זיי פּאַסיג פאַר'ן גרויסען טאָג פון אויסלייזונג.

דער נזיר וואַרט אויפ'ן טאָג פון גבורה, וואָס זאָל זיך אַנטפּלעקען; אויפ'ן טאָג פון נבואה, וואָס זאָל מקוים ווערען.

אָבער דער טאָג איז קיינמאָל ניט געקומען.

# ש. ל. ציטראן

ער איז געווען א געזונטער און פרוכטבארער ליטעראַרישער ארבייטער. א בן־בית, און א גאנץ ליבער בן־בית, ביי שרייבער און טוער פון צוויי אדער דריי דורות. אליין א קינד פון דער השכלה־עפאכע איז ער אבער נישט פארבליבען אלט אפילו אין אונזער נייער צייט. ער האט מיטגעלעבט און מיטגעאטעמט מיט'ן היינט ווי מיט'ן נעכטען. ער איז אומעטום געווען היימיש. אין דער וועלט פון השכלה און אין דער מאדערנער וועלט פון דער רענעסאנס־ליטעראטור. אין ליטעראטור ווי אין זשורנאליזם. אין העברעאיש ווי אין אידיש. זיין חוש פאר צייטמעסיגקייט איז געווען שארף און אייגענארטיג. אפילו יונגע מענשען האבען אים געליעבט מיט גרויס הנאה און נייגער — ווייל ער האט געהאט דעם טאלאנט צו אנציהען, צו פאראינטערעסירען — און צו דערזעלבער צייט האבען זיי זיך ניט געקאנט באפרייען פון געדאנק, אז דאס שרייבט א מענש וואס זיינעווארצלען שטעקען אין נעכטען. שרייבענדיג וועגען די גדולים פון דער השכלה, וואס קומען אונז אויס אזוי ווייט היסטאריש און פסיכאלאגיש, האט ער צושטערט די גרעניצען צווישען אונז. שרייבענדיג למשל וועגען יהודה ליב גארדאן אדער אברהם מאפו, אדם הכהן און זיין זוהן מיכ"ל (מיכה יוסף לעבענזאן) אדער קלמן שולמאן און ראובן אשר ברוידעס האט ער ניט געשריבען וועגען זיי ווי א פרעמדער וואס באטראכט זיי פון דערווייטענס, ווי

אַ היסטאָריקער באַטראַכט זיינע העלדען וועלכע ער האָט אַליין קיינמאָל ניט געזעהן, נאָר ווי אַ חבר און וועג־באַגלייטער. ער איז געווען איינער פון זיי און תמיד מיט זיי. און אפילו יענע, מיט וועלכע ער האָט ניט געלעבט, ווערען אויך ביי אים אַ טייל פון זיין לעבען, פון זיינע ליטעראַרישע איבערלעבונגען. אָבער ניט מיט זיי און ניט ביי זיי ענדיגט זיך זיין נאָהענטקייט, ווערט אויסגעוועבט זיין וואַרימקייט. דיזעלבע מידות טובות טראָגט ער מיט זיך מיט צו אונז — צו זיינע לעזער. ער האָט געוואוסט דעם סוד פון פאַראייניגען דעם נעכטען מיט דעם היינט, שאַפען דעם בריק פון פאַרשטענדניש צווישען צוויי אָדער דריי דורות. און אויב מיר האָבען איצטער אַ בעסערע און פאָזיטיווערע באַציהונג צו דער השכלה און אירע שעפער און טרעגער האָבען ניט וועניג בייגעטראָגען דערצו אַזעלכע באַגלייטער, פאַרמיטלער און אויסטייטשער ווי ש. ל. ציטראָן.

ער איז געווען אַ פריינד פון שרייבער און לעזער. דערפאַר האָט ער געשריבען זאַכען, וואָס זאָלען ערקלערען און באַלייכטען דעם שרייבער פאַר דעם לעזער. ער איז אַליין געווען אַ שעהנער טיפּ פון שרייבער־לעזער, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע הנאה צו זיין אין דער געזעלשאַפט פון שרייבער וואס האָבען געלייגט זייער שטעמפּעל אויף זייער עפּאָכע און זייער דור. דערפאַר האָט ער געשריבען זיינע אָבהאַנדלונגען וועגען שרייבער, וועגען וועלכע ער האָט מער דערצעהלט ווי געשאַצט, מער דעראינערט ווי אַנאַליזירט, מער ליכט געגאָסען ווי מיט שאָטען באַדעקט.

ער האָט די גאַנצע עפּאָכע געזעהן דורך די באַזונדערע פּער־זענליכקייטען. דורך דעם שפּיגעל פון'ם יחיד האָט ער אריינ־געקוקט אין פּנים פון'ם כלל, פון'ם דור, און דאָ זעהן מיר איינע פון די אמת'ע אייגענשאַפטען פון'ם מאָנאָגראַף, פון'ם ביאָגראַף, פון'ם היסטאָרישען זשורנאַליסט.

און דאָס איז ער געווען — ציטראָן.

זיינע העברעאישע „רשימות לתולדות העתונות העברית"

און זיין אידישע „געשיכטע פון דער אידישער פרעסע", זיינען זעהר כאראקטעריסטיש פאר זיין אופן שרייבען, פאר זיין צוגאנג צו זאכען. ער האט געשריבען די געשיכטע פון דער העברעאי־שער און אידישער פרעסע ניט ווי א היסטאריקער נאר ווי א זשורנאליסט, א מעמוארען־שרייבער. פון אקאדעמישען שטאנד־פונקט זיינען זיינע רשימות און סטודיעס אפשר ניט אזוי אויס־געהאלטען, ניט אזוי פינקטליך, אבער אויך ניט אזוי טרוקען, און אויך ניט אזוי הויך־גאווה'דיג. אין יעדער אבהאנדלונג, אויב ניט אין יעדען קאפיטעל כמעט, זיינען דא כאראקטעריסטי־שע איינצעלהייטען, ערצעהלערישע שטריכען, לעבעדיגע בילדער פון די מענשען וואס האבען די צייטונגען געשאפען, פון די צייטונגען וואס האבען דעם פנים פון דער צייט געשאפען. זיינע ארטיקלען וועגען „המגיד" און „האמת", למשל, זיינען א סך אינטערעסאנטער און צוציהענדער ווי די ארטיקלען פון „המגיד" און „האמת" אליין. און ניט נאר דערפאר וואס יענע זיינען געשריבען געווארען אמאליגע יארען און זיינע — היינטיגע יארען, נאר אויך דערפאר וואס יענע זיינען לאנגווייליג און פארשטעלטע פון א וואלד מיט מליצות און די, ציטראנ'ס, זיינען אינטערעסאנט און פליסיג און לעבעדיג. ווייל ער האט געהאט דעם כח און די פעהיגקייט צו שרייבען אינטערעסאנט ניט נאר וועגען אינטערעסאנטע מענשען און זאכען נאר אויך וועגען . . . ניט־אינטערעסאנטע. ער האט דעם „ניט" פון זיי אפגעווישט און זיין לעזער פון לאנגוויל באפרייט.

ער האט געפיהלט און געליבט דעם מענשען, דעם איינ־צעלנעם וואס האט זיך ארויסגערוקט פון זיין סביבה און האט געזוכט ניט זיך צו אסימילירען און אויפגעלייזט ווערען אין איר, נאר באפרייען און אויסלייזען זיך און זי צו באהערשען.

דערפאר האט אים געצויגען צו דערצעהלען און אויסמאלען ניט נאר שרייבער וואס האבען געזוכט און געפונען א תיקון אין זייער ליטעראריש־שעפערישער ארבייט, נאר אויך מענשען פון

אנדערע געביטען, אבי נאָר זיי זאָלען אַנדערש זיין. אין זיין גאַלעריע באַגעגענען מיר אויך: שתדלנים, עסקנים, מגידים, „בארימטע אידישע פרויען" און — משומדים. אין זיי אַלע זעהען מיר פערזענליכקייטען וואָס ווערען געטריבען פון אינער־ליכע כחות, וואָס ראַנגלען זיך מיט דרויסענדיגע און ווערען — אָדער באַזיגער אָדער באַזיגטע. זיינע שתדלנים און עסקנים פיבערן מיט'ן פאַרלאַנג און העלפען דעם פאָלק, זייער שאַפען איז טאָן טובות פאַר'ן כלל. זייער פּאַטאָס ווערט געשטאַרקט און געצונדען פון די לײדען פון פאָלק. זיינע מגידים זיינען די פּלאַ־מענדיגע פאָלקס־טריבונען פון נעכטען, וואָס האָבען מיט זייער פייערדיגען וואָרט געוועקט און געצונדען די הערצער פון די פארשמאַכטע און גאַרענדע מענשען אין אידישען געטאָ פון ליטא און פוילען. און אפילו זיינע משומדים זיינען ניט סתם קיין רענעגאַטען וואָס זיינען אַנטרונען, נאָר לײדענדע און קעמ־פענדע, וואָס זיינען באַזיגט געוואָרען פון זייער אייגענעם שטרע־בען, און פאַרצערט געוואָרען פון אייגענעם פייער.

און אַלע זיינע פערזענליכקייטען (אישים), וואָס ער האָט צונויפגעזאַמעלט אין זיין גאַלעריע, זיינען אים גלייך נאָהענט.

ער האָט צו זיי אַ פּאַטערליכע באַציהונג, ווייל אים אינטע־רעסירט דער מענש מיט זיינע לײדען, דער מענש מיט זיינע אויפטואונגען, מיט זיינע גלגולים און וואַנדערונגען. זיין צוגאַנג צו זיי איז ווי דער צוגאַנג פון אַ דערציילער צו זיינע העלדען. ער פאַרשטעהט זיי און פיהלט זיי מיט. ער פאַרלייכטערט זיי די משא פון לײדען און מאַכט אַ וועג פאַר זייער לייטערונג.

ער האָט אפשר אַזוי פיל ניט געמיינט וויפיל ער האָט געגעבען. אַזעלכע פּאַראַדאָקסען טרעפען זיך אָפט אין ליטעראַ־טור. איינער שטרייבט אָן אַלע זיינע כחות כדי צו שאַפען עטוואָס מער ווי ער קאָן — קאָנצענטרירטעס, העכערס — און וואָס איז דער רעזולטאַט? ווייניגער ווי ער האָט געוואָלט; עפּעס וואָס איז צושוואומען און מיטעלמעסיג, אויב ניט קליין, ווייל די

כחות האָבען אים ניט געקלעקט און די אנשטרענגונג איז אוועק אויף . . . אנשטרענגונג. ס'טרעפט זיך אָבער מיט א צווייטען פונקט פאַרקערט. ער האָט ניט קיין גרויסע פּרעטענזיעס, ער מאַכט ניט קיין גרויסען אָנשטעל. ער וויל אויפ'ן כסא־המלכות פון שעפער ניט ארויף. אים איז גענוג דאָס ביינקעלע צופוסענס, דער שטויב פון פיס פון תלמידי חכמים, די ריינע און לויטערע אַטמאָספּערע פון גרעסערע פון אים. ער איז צופרידען צו זיין א שמש, א שליח, א פאַרמיטלער — און דער סוף איז, אַז ער גיט עפּעס וויכטיגערעס ווי ער האָט אַליין געמיינט. מענשען זיינען תמיד גרייט אים הערען, אויפנעמען, וויל ער ברענגט מיט עניוות א גרוס פון ווייטע און שעהנע וועלטען, פון ווייטע און פאַרביגע פּערזענליכקייטען.

אַזוי האָט עס געטראָפען מיט ציטראָנ'ען. קרוב צו 55 יאָר האָט דער מענש געאַרבייט, טיכטיג, געטריי, פּרוכטבאַר, אין אונזער ליטעראַטור און פּרעסע, אויף העברעאיש און אויף אידיש. ער האָט געמאַכט לעקסיקאָנען און געשריבען זכרונות, געשאַפען די געשיכטע פון אונזער פּרעסע, געמאָלען בילדער פון נעכטיגע גדולים און דערצעהלט אינטערעסנטע עפּיזאָדען. קיינמאָל ניט מיד געוואָרען, קיינמאָל ניט שטאָלץ געוואָרען. ניט געוואָרפען זיך מיט זיין ארבייט, ניט געשעמט זיך מיט זיין דינען. ער האָט תמיד ארויפגעקוקט צו גרעסערע פון זיך, תמיד דערצעהלט זייערע שבחים און מעשים. דוכט זיך: א צווייט־גראַדיגע שליחות. און זעהט: אַז ער איז אוועק — זעהט מען ערשט ס'אַרא סיסטעמאַטישע און טייערע אַרבייט ער האָט געטאָן. ער האָט געשטעלט מצבות פאַר דריי ליטעראַרישע דורות, פאַר שרייבער, טוער און זוכער פון פאַרשיידענע צייטען און פאַרשיידענע סטילען — און אומבאַוואוסטזיניג און אומבאַמערקבאַר האָט ער אויך פאַר זיך אויפגעשטעלט א מצבה.

# בן־עמי

פון אַלע רוסיש־אידישע שריפטשטעלער איז ער געווען דער היימישסטער, דער אידישסטער. ווייל כאָטש דאָס רוב פון זיינע יאָרען און דאָס רוב פון זיינע זאַכען האָט ער געשריבען אין רוסיש, איז ער, אָבער, געווען דורך און דורך אידיש. אין צוגאַנג ווי אין טאָן, אין אינהאַלט ווי אין פאָרם. זיין שרייבען איז געווען אַ מין „חרות בתוך עבדות" — אויסערליך געפּענ־טעט אין אַ פרעמדער שפראַך און דערפאַר, ווילענדיג ניט ווי־לענדיג, גרייט פאַר פרעמדע אויערען, פאַר לעזער, וואָס פאַרשטע־הען ניט; אָבער אינערליך פריי און אינטים, פאָלקסטימליך און ליריש. אויף זיינע זאַכען שוועבט דער חן פון אייגענס. און אין זיינע זאַכען, וואָס זיינען געשריבען און איבערזעצט אין העברעאיש און אידיש, פיהלט זיך די נאַטירליכקייט פון אָרי־גינאַל. אַזוי ווי זיי צוזאַמען מיט אים זיינען געווען אין גלות־רוסיש און איצטער האָט מען זיי צוריקגעבראַכט אַהיים.

ער האָט זיך גערופען מיט'ן העברעאישען נאָמען „בן־עמי" (דער זוהן פון מיין פאָלק) און איז געווען אַ זוהן פונ'ם פאָלק —אין שעהנסטען און בעסטען זין. די איבעריגע רוסיש־אידישע שרייבער זיינען געווען ווי פרעמדע אָדער פאַרפרעמדטע. זיי זיינען געשטאַנען פון דרויסען און מיט אַ געפיהל פון רחמנות אויף די אָרימע ברידער, וואָס זיינען געבליבען אינווענינ, האָ־בען זיי זיי פאַרטיידיגט, באַשיינט פאַר דער וועלט, אויסגעטייטשט

און פארטייטשט. און ממילא זיינען זיי געווען אפּאָלאָגעטיש. מ׳שטעהט פאר א פרעמדען עולם, מ׳שרייבט אויף א גוי׳שער שפּראַך — פארשטעהט זיך, אז מ׳מוז האַלטען שטאַט, אז מ׳מוז רימען און לויבען, ווייזען דאָס ליכט און ניט דעם שאָטען, ווייזען דאָס גוטס און ניט דאָס שלעכטס. בקיצור, מ׳דאַרף זיין ישראל׳ס אדוואָקאַטען.

דערפאר פיהלט זיך אזא טענדענציעזער ביי־טעם אין די שריפטען פון די רוסיש־אידישע שריפטשטעלער פון פאַרגאַנ־גענעם יאָרהונדערט. דאָס אידישע לעבען איז נאָך ניט געווען אזוי ענטוויקעלט, די פענסטער זיינען נאָך געווען פארמאַכט און די לופט שטיקענד. די כחות וואָס האָבען זיך נאָכדעם צושפּילט און אנטפּלעקט זיינען נאָך געווען פארבאָרגען און פאר׳חתמ׳ט. און נאָר איינצעלנע שריט פון ערשטע זוכערס האָבען זיך גע־הערט. דער גייסט פון השכלה, וואָס האָט געוואָלט מער ווי געקענט, האָט אפשר מער צושטערט ווי געבויט. ס׳איז ניט גע־ווען די אינערליכע האַרמאָניע צווישען דער אינטעליגענץ און פאָלק. און אָפטמאָל איז די שטרעבונג צו ליכט אוועק אזוי ווייט, אַז זי האָט פארבלענדעט די אויגען פון די יחידים און אָפּגע־שטויסען זיי פונ׳ם פאָלק וואָס האָט געליטען און געשמאַכט אין דער פינסטער.

די באפרייאונג־באַוועגונג איז אָנגעקומען מיט אזא אימ־פּעט, אז ס׳האָט אויסגעזעהן ווי זי איז געקומען ניט צו באַ־פרייען די מאַסען פון אבערגלויבען און פינסטערניש און זיי מאַכען שותפים צו דער גרויסער וועלט און דעם נייעם לעבען, נאָר ווי זי איז געקומען צו באפרייען די איינצעלנע משכילים, אינטעליגענטען פונ׳ם גאַנצען עסק וואָס רופט זיך אידישקייט.

און ווי יעדער הונגעריגער וואָס כאַפּט איבער די מאָס פון עסען, און ווי יעדער דורשטיגער וואָס כאַפּט איבער די מאָס פון טרינקען, נאָך לאַנגע יסורים פון הונגער און דורשט, אזוי האָ־

בען אויך פילע פון אונזערע „באפרייטע" אין יענער צייט אי־בערגעכאפט די מאס און אריינגעפאלען אין — אסימילאציע.

און צווישען די פלאמענדע און טיפע באקעמפער פון דער דאזיגער אסימילאציע איז געווען בן־עמי. פון דעם שטאנד־פונקט איז אפשר געווען בעסער און קליגער וואס בן־עמי האט געשריבען רוסיש. אויב שלאגען דעם שונא — דארף מען נוצען זיינע כלי־זין. מיט רוסיש האט מען געוואלט בארוישען די אויפגעוואכטע יוגענד, מיט׳ן וויין און זאפט פון דער הער־שענדער און מעכטיגער רוסישער שפראך האט מען געוואלט פאר׳שדוכ׳ען די יונגע הערצער און מחות — דארף מען מיט דער זעלבער שפראך און מיט דעם זעלבען כשוף טאן דעם היפך. ארויסצויבערען דורך די זעלבע קלאנגען דאס שעהנקייט און עכטקייט פון אידישען לעבען. שרייבען ניט פאר פרעמדע צו פארענטפערען און ניט פאר אייגענע צו פארפרעמדען — נאר פאר׳ן פאלק, פונ׳ם פאלק, מיט׳ן פאלק.

און כאראקטעריסטיש פאר בן־עמי׳ן איז אין זיין ערשטען ארטיקעל, וואס ער האט פארעפענטליכט אין „ראזסוויעט" אין יאר 1881 — דאס יאר פון די פאגראמען אין רוסלאנד וואס האבען אויפגעשטורעמט דאס אידענטום — האט ער שוין גע־פאדערט איינפירען „ספעציעלע לערן־ביכער פון דער רוסישער שפראך פאר די אידישע שולען" („א נעאבכאדימאסטי ספע־ציאלניך אוטשעבניקאוו רוסקאווא יאזיקא דליא יעווריעסקיך שקאל". „ראזסוועט", 1881, נומ. 7). דאס האט געוויזען זיין וועג, דעם באזונדערען אידישען וועג, פאר׳ן יונגען דור. און מיט זיין גאנצער קראפט האט ער באקעמפט די אסימילאטארען און געקעמפט פאר א גאנצען אידענטום — רעליגיעז־נאציאנאלען. עטיש־קולטורעלען. עכטען און טיפען. אזוי ארום איז דער אידישער שרייבער מיט׳ן העברעאישען נאמען, וואס האט אנגע־הויבען שרייבען רוסיש, געווארען איינער פון די זיילען פון אונזער נאציאנאלער אויפלעבונג און אין דער גרויסער אדעסער

פאמיליע פון מענדעלי־ביאליק־ראווניצקי־אחד־העם־דובנאָוו און אַנדערע איז ער געוואָרען אַן אָנגעזעהנער און ווירדיגער מיט־גליד, געטרייער און אמת'ער שותף.

און אויב זיין געבורט־שטעטעל ווערכאָווקע, אוקראַינע, פּאָדאָליער גובערניע, מיט זיין פאמיליען־יחוס פון רבנים מיוחסים האָבען אויף אים אַוועקגעלייגט דעם ערשטען שטעמפּעל פון פיעטעט און ליבע צו אידישקייט — האָט אָדעס מיט אירע נייע גדולים און מיוחסים ניט ווייניגער, אויב ניט מער, געווירקט אויף זיין אויסבילדונג און ליטעראַרישען כאַראַקטער. ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אין אַ גרויסער משפחה, וועלכע האָט געשיינט און געוואַרימט אַ גאַנצע אידישע וועלט — אין משך פון אַ דור און מער.

ער איז געוועזען איינער פון די באַליבטע שרייבער פון זיין דור; ניט נאָר דערפאַר וואָס ער האָט געוואוסט ווי אַזוי צו זאָגען „ניין" צו נעגאַטיווע ערשיינונגען, נאָר אויך, אָדער בעיקר, דערפאַר וואָס ער האָט געוואוסט ווי צו זאָגען „יאָ" צו דעם פּאָזיטיווען און שעהנעם אין אונזער לעבען. און אויב אין זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען איז ער געווען צייטענווייז אָנגרייפענד און שטראָפענד, איז ער געווען אין זיינע בעלעטריסטישע זאַכען, אין זיינע ערצעהלונגען, סקיצען און זכרונות, ווייך און פול מיט רחמים. ער קען רירען דעם לעזער'ס האַרץ מיט זיין טיפער ליבע צו אידישע לעבענס־פאָרמען. ער קען דערצעהלען מיט שטילען פּאַטאָס וועגען אידישע ליידען און אידישער פרייד. ער קען מאָלען ערליכע בילדער פון יום־טוב'דיגקייט און פייערליכקייט וואָס באַשיינען דאָס שווערע גלות־לעבען פון די אידישע מאַסען.

פילע פון זיינע ערצעהלונגען טראָגען אַן אויטאָביאָגראַפישען כאַראַקטער (ער שרייבט אין ערשטען פּערזאָן) און דער אמת פון לעבען שפּראָצט אַרויס פון יעדער שורה. ער שטעהט אינמיטען פון לעבען, ווי איינער פון פאָלק, און דערצעהלט ער־

פאהרונגען, און פארצייכענט עפיזאָדען פון זיין לעבען, וואָס קאָנען זיין און וואָס זיינען עפיזאָדען פון פילע אַנדערע לעבענס. עס איז אַ מין משפחה־כראָניק פון אַ אידישען מענשען — אָנ־הויבענדיג פון זיין קינדהייט.

און דער כאראַקטעריסטישער שטריך פון זיינע ערצעה־לונגען איז די בענקשאַפט נאָך דעם פארגאַנגענעם. נאָך דער קינדהייט, נאָך דער נאאיוויטעט און גאַנצקייט פונ׳ם פאָלקס־מענשען, וואָס איז ניט מער ווי אַן ערוואקסען קינד, נאָך שבתים און ימים טובים, וואָס ווישען אָפּ די שאָטענס פון דער ביטערער ווירקליכקייט.

ער באַזינגט און פאַרערליכט די אידישע ימים טובים.

אין „בעל תפילה״ — איינע פון זיינע בעסטע זאַכען — גיט ער אונז אַ פאַטעטיש בילד פון די ימים נוראים. די גאַנצע סביבה אַרום איז דורכגעוועבט און דורכגעזאַפּט מיט ציטער און ריינקייט. די גאַנצע אַטמאָספערע פון סליחות, ראש השנה און יום כפור, די טרויעריג־צאַרטע געשטאַלט פונ׳ם חזן ר׳ אבנר, וועמעס נשמה געהט אויס נאָך שעהנקייט און וועמעס הארץ טרינקט זיך אין אַ געמיש פון ליבע, ליידען און מוזיק — פון שול און פון טעאַטער — און אויך די איבעריגע תמימות׳־דיגע בילדער פון די שטילע און פיינע העלדען — דאָס אַלעס פירט אייך אַריין אין אַ וועלט וואָס איז פול מיט שעהנקייט, כאָטש אויסערליך איז זי אָרים און דערשלאָגען. און אַזוי ווי אַן אמת׳ער בעל תפילה, אַזוינער ווי ר׳ אבנר, טייטשט אויס און ברייננגט אַרויס זיין קנייטש, זיין וועה, זיין חן און זיין זיסקייט אין זיי — אַזוי טוט אויך בן־עמי מיט דער ערצעהלונג ווי מיט די אַנדערע. די פאַבולע אַליין איז ניט איבעריג רייך אין זיינע זאַכען, קיין צו־שטאַרקע באַוועגונג איז אין זיי ניטאָ, קיין גרויסע דראַמאַטישקייט אויך ניט. עס זיינען ניט קיין זאַכען מיט אַ וועלט־פּאַרנעם. אָבער ערגיץ וואו, צווישען די שורות און אי־בער די ווערטער, שוועבט אַרום און זינגט אַרויס אַ באַזונדערער

ניגון, אזא מין טיפע ביינקשאפט, אזא מין אינטימער טאָן וואָס מאַכט די מוזיק אזוי טרויעריג־זיס.

און די זאַכען לייענען זיך ניט נאָר מיט אינטערעס, נאָר כמעט מיט שפּאַנונג. און אַפילו די יוגענד פון אונזער דור אין דער נייער וועלט, וואָס איז אזוי ווייט פון יענעם לעבען, קאָן אָהן ספק לייענען מיט הנאה און פארשטאַנד די זאַכען וואָס גיבען איבער, מיט א ציטריגער ליבשאַפט און מיט א האַלב־פאַר'חלום'טער בענקשאַפט, בילדער און קלאַנגען פון אַמאָל.

די בילדער פון דער שוהל צו סליחות, ראש השנה און יום־כפור, בשעת דאָס גאַנצע פאָלק ווערט געלייטערט פון יסורים און די גאַנצע לופט אַרום איז פול מיט יראת־הרוממות, פון ערב יום־כפור, ווען אידען ברוגזע בעטען זיך איבער און גיבען צדקה פון זייערע לעצטע גראָשענס; פון הושענא־רבה, ווען מ'שטעהט אויף צו חצות אין שטילקייט פון נאַכט זיך באַהעפ־טען מיט גאָט אָדער דאָס פיבערהאַפטע גרייטען זיך צום פסח, דאָס כשר'ן און דאָס רייניגען ערב פסח און די פייערליכקייט פון דער סדר־נאַכט און ל"ג־בעומר און חנוכה און אַנדערע אידישע ימים־טובים — אָט די אַלע בילדער ווערען געמאָלען פון בן־עמי'ן מיט אונענדליכער צאַרטקייט און ליבע. זייער איינגע־האַלטענער פּאַטאָס, זייער שעהנע פשטות, זייער טאָן פון פאַר־געבונג נעמען אייך דורך אַפילו איצט מיט טיפער בענקשאַפט. און מיר פיהלען מיט ר' אברהם דעם פּאָטשטאַר אין דער ער־צעהלונג „אורחים לסדר של פסח" (געסט צום פסח־סדר), וועל־כער לעבט מיט זיין פאַמיליע אין אַן איינזאַמען אָרט ערגיץ צווישען שטאָט און דאָרף, וואָס קוקט זיך אוים די אויגען אויף אורחים אויף פסח. ווייל ווי קען מען זיך עם זעצען און פּראַווען דעם סדר, ווען אַרום און אַרום איז אַזוי פּוסט, אַזוי איינזאַם און קיין אורח איז ביים טיש ניטאָ. און אַז ס'טרעפט זיך א „נס" און אידען ווערען פארריזנעט אין בלאָטע און קאָנען ווײ־טער ניט פאָרען און מוזען האַלטען יום־טוב אויף דער פאַר־

וואָרפענער סטאַנציע — כאַפּט אַרום אַ פרייד דאָס גאַנצע הויז, די גרויסע מיט די קליינע.

ביי בן־עמי׳ן זיינען זיי גלייכע שותּפים — די גרויסע מיט די קליינע. כמעט אַלע ערצעהלונגען ווערען דערצעהלט פון קינדער. און די קינדער זיינע, וואָס זיינען ווייזט אויס ניט מעהר ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין אייגענער קינדהייט, זיינען גאָר ניט אַזוי קינדיש. זיי זיינען נעהענטער צו מענדעלי׳ס קינדער ווי צו שלום־עליכם׳ס. ביי זיי איז ניטאָ קיין שטיפערישקייט, קיין ריהרענדע נאַאיוויטעט, קיין הייליגע אומשולד. ניין. זיי זיינען ווי „קליינע אידעלאך”. זעהן אַלעס, זאַפּען אריין אין זיך אַלע יסורים, און פאַרשטעהען אַלעס.

זיי ווערען פרי פאַר׳יתום׳ט און נעמען איבער דעם יאָך פונ׳ם טאַטען. אַזוי איז דאָס אין „דער דייטשער קאָלאָניע” („במושבה אשכנזית” *) ווען דער טאַטע שטאַרבט פּלוצלינג און די קראַנקע מאַמע מוז אים, דעם ערצעהלער, אַוועקגעבען פאַר אַ משרת צו עזריאל׳ן אין דאָרף־שענק. אַזוי איז דאָס אין „בעל תפלה”, וואו דער יתום ווערט אַ משורר ביי ר׳ אבנר׳ן אין דער טרעגער׳ס שול. און ניט איינמאָל דוכט זיך אונז, אַז ער, דער משורר־יתום, איז רייפער און גרעסער פונ׳ם שוואַכען און פאַרבענקטען חזן.

און אַפילו דאָרט, וואו ער, דאָס אינגעל, וואָס דערצעהלט, איז ניט קיין יתום, מאַכט אים דער דלות אַזוי רייף, אַז ער איז אַזוי אומגליקליך און אַזוי פאַרשטענדיג, ווי אַ יתום.

אין „דראַמה קטנה” (אַ קליינע דראַמע) ווערט דערצעהלט זעהר אַ פּשוט׳ע מעשה וועגען אַ אינגעלע, וואָס האָט געלעבט אין אָרימקייט און האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין נייע שיך — האָט גאָט געהאָלפען און איינמאָל אויף פסח באַשטעלט אים

---

*) בן־עמי׳ס שריפטען זיינען איבערזעצט געוואָרען פון אַ גרופּע העברעאישע שרייבער פון אדעס, צווישען זיי אויך ח. נ. ביאַליק.

דער טאַטע דער איינבינדער אַ פּאָר נייע שיך — אויף אויסצאָלען. אין דער לעצטער מינוט, שוין באַלד פאַרנאַכט צום סדר, ברענגט אים דער שוסטער די שיך. זיין גליק איז אין לשער. אָבער ניט אויף לאַנג. ערב יום טוב דאַרף מען געהן אין מרחץ. געהט דער טאַטע מיט'ן זוהן, וועלכער טראָגט מיט זיך זיין גליק — די נייע שיך. און דאָרטען קומט פּאָר די „קליינע דראַמע" — די שיך ווערען אָוועקגע'גנב'עט. און אַ טרויעריגער טאַטע טראָגט אַ וויינענדיגען און באָרוועסען זוהן אַהיים. פון אַלע פענסטער שלאָגט די שיין פון יום־טוב'דיגע ליכט, נאָר ביי זיי, ביים טאַטען און ביים זוהן, וואָס ווערט גע־טראָגען אויף זיינע פּלייצעס, איז פינסטער אָהן אַן עק.

עס איז געוויס אַ קליינע דראַמע, אָבער דוקא דאָס קליינע, וואָס איז אמת און עכט, רירט אַזוי שטאַרק.

און דער טאַטע טרייסט אים: וויין ניט, ליבעלע, וויין ניט, מיין זוהן. אַזוי דאַרף זיין. צופיל האָסטו זיך געפרעהט, און אַן אָרעמאַן טאָר זיך צופיל ניט פרעהען.

זיי, די שטילע און לײדענדע מענשען, האָבען אויף זיך גענומען אַ משא און גע'פועל'ט ביי זיך, אַז „אַזוי דאַרף זיין". שלום געמאַכט מיט'ן גורל און ניט געקלאָגט זיך. ליידען און שווייגען — אַזוי דאַרף מען.

און אויך ר' עזריאל, וואָס ווערט רואינירט פונ'ם שונא, דעם דייטש, נאָכדעם ווי זיין פּאַרמעגען ווערט פאַרניכטעט און זיין הויז פאַרברענט און ערב יום טוב דאַרף ער געהן זוכען אַ פּלאַץ פאַר זיך און זיין פּאַמיליע — אויך ער שטעהט אויף די חורבות פון זיין אָפּגעברענט הויז, אַ פאַרשעמטער און באַליי־דיגטער (אין מיטען תיקון־חצות האָט מען אים געבונדען און אַרעסטירט) און ער האָט נאָר איין טרייסט, איין ענטפער: „ה' נתן וה' לקח, יהי שם ה' מבורך".

ווען זיינע העלדען וואָלטען כאָטש אַביסעל רעוואָלטירט, אַמאָל זיך פאַרטראַכט וועגען גאָט'ס דרכים און אָפּגעפרעגט זיין

משפט און גערעכטיגקייט, וואָלט זיך אויך דאָס האַרץ אַ ביסעל געקילט, אויך דאָס געוויסען אַ ביסעל באַרוהיגט — אָבער ניין. זיינע העלדען זיינען ניט קיין חצופים, ניט קיין מורדים. זיי פרעגען ניט קיין פראַגען און פאָדערען ניט קיין חשבון פון גאָט. זיי ווייסען, אַז זיי דאַרפען ליידען און שווייגען. זיי דאַרפען זיין אָרעם. און אָרעמעלייט טאָרען זיך צופיל ניט פרעהען. טאָרען צופיל ניט חקירה'ן. און אַז די אַלטע מאַמע פון „ליכט־בענשען" (ברכת הנרות) געפינט ביי איר אָרעמער טאָכטער ניט קיין ליכט צום בענשען און אויך קיין געלט ניט אפילו צו קויפען צוויי ליכט, כאָטש זי דאַרף האָבען אכט — וואָס טוט זי? ווערט זי אין כעס אויפ'ן רבונו של עולם? חלילה! זי לאָזט זיך אַרויס איבער דער פרעמדער און גרויסער שטאָט און געהט זוכען אַ שול. און אַז זי געפינט זי, די שול, בעט זי זיך ביים פאַרוואונדערטען שמש, ער זאָל זי לאָזען בענשען די ליכט, וואָס ער צינדט אָן אין דער ליידיגער שול. אַזאַ מאָדנע אידענע! שוין 27 יאָר, אַז ער איז שמש פון שול און ס'איז אים תמיד שווער צונויפצוקריגען אַ מנין — די אידען האָבען פאַרגעסען אָן גאָט, און דאָ קומט אַ אידענע און זוכט אים, און בעט זיך בענשען ליכט...

אָט אַזוי זיינען זיי, בן־עמי'ס העלדען. ניט צו שטאָלץ און ניט צו פאַרריסען. אויב גאָט העלפט ניט, ווי מ'האָפט — איז דאָס מסתמא ניט זיין שולד. אויב ס'איז ניטאָ קיין ליכט אין הויז, דאַרף מען געהן זוכען ליכט אין גאָט'ס הויז.

און דערפאַר, וואָס אין זיינע ערצעהלונגען הערשט דער דאָזיגער רעזיגנאַציע־גייסט פון „ה' נתן, ה' לקח, יהי שם ה' מבורך", און דערפאַר, וואָס אין זיינע מענשען איז דאָ אַזוי פיל אונטערטעניגקייט און פעהיגקייט צו ליידען — ווערען מיר אַזוי גערירט פון די שטילע, ליידענדע געשטאַלטען, ווערען מיר אָנ־געפילט מיט רחמנות און ליבע. און דער לירישער אומעט פון זיינע זאַכען געהט אונז נאָך, ווי אַ שאָטען.

בן־עמי איז געווען דער לעצטער פון זיין דור און פון זיין תקופה. ער האָט אָנגעהויבען אין איין צייט און פאַרענדיגט אין אַ צווייטער. אָבער די ערשטע קלאַנגען פון זיין יוגענד האָבען ניט געקענט אַנשוויגען ווערען פון די נייע טענער פון דער ברוויזענדער צייט. און ער האָט געזונגען אַ ליד פון אלול.

ער האָט מיט אַ באַזונדערען חשק ליב געהאַט צו מאָלען אלול'דיגע בילדער. הערבסט און טרויער. זומער, וואָס פאַרגעהט. בלומען, וואָס פאַרוועלקען. דאָס איז געווען זיין ניגון, זיין אינערליך געזאַנג.

און ער האָט געוואָלט, און געקאָנט, בלייבען טריי צו זיך און צו זיין ניגון. אַזוי ווי ר' אבנר דער בעל־תפילה, האָט ער אויך געהערט אַנדערע געזאַנגען, פון ווייטע וועלטען און צווייבערענדע אָפּערעס, אָבער געבליבען איז ער אין שול און געפאַלען איז ער ביים עמוד — יום־כפור צו נעילה.

עס האָט אים געריסען צו דער גרויסער וועלט, אַ פאַרבאָרגענע ליבע צו דער שעהנער אָפּעראַ־זינגערין האָט אים זיין הארץ געגעסען — אָבער ער האָט זיין פייער באַהאַלטען אין זיך און אין דער הייליגער ערוואַרטונג פון נעילה, ווען די גאַנצע עדה אידען האָט איהם נאָכגעזונגען „אלה אזכרה ואהמיה" — איז זיין ריינע און ליידענדע נשמה אַרויס פון זיין גוף.

קוקט זיך איין אין אבנר'ן — און דערקענט זיין מייסטער — בן־עמי.

# יעקב שטיינבערג דער עסייאיסט

יעקב שטיינבערג, דער עסייאיסט, ווי ער באווייזט זיך אין זיינע „רשימות", איז א באדייטענדער העברעאישער דיכטער, איינער פון דער גרופע (שניאור־כהן־פיכמאן־שמעונוביץ), וואס האט ארייננעטראגען א נייעם טאן און נייעם כח אין דער מאָדערנער העברעאישער פאעזיע. ער איז אָבער ניט געבליבען די גאנצע צייט דער זעלבער. אין פארשידענע געשטאלטען באווייזט ער זיך צו אונז, אין פארשידענע צייטען און אומשטענדען. אַמ איז ער ליריש, צארט און פארטראכט; און אַמ איז ער ציניש־שטיפעריש (אין זיין „ספר הסאטירות"). אַמ איז ער לייכט און אַמ איז ער שווער. אַמ קריגט ער שוואונג און הויבט זיך אויף, און אַמ פארלירט ער די פליגעל און קאָן ניט פליהען. עס האט אויסגעזעהן ווי פאר דער גאנצער צייט האט ער זיך ניט געפונען, ניט געוואוסט וואס צו טאָן מיט זיין טאלאנט, וועלכער האט אים אָפטמאָל פארפלאָנטערט און פארפירט, אָבער קיינמאָל ניט פארלאָזט. איז ער געווען א צעפיעשטשעטער עלוי, וואס וויים זיינע מעלות, נאָר האט ניט קיין פלאץ וואו זיי אָנצואווענדען, האט ניט קיין באָדען, וועלכער זאָל זיי ארייננעמען און באפרוכפערן. ער איז געווען א יונג־גייסט און שעהן־גייסט, וואס וואנדערט אָהן א ציל, פאר'שכור'ט פונ'ם לעבען און פון דער אייגענער יוגענט. זיינען אפילו די קאפריזען שעהן און חנ'עוודיג, איז אפילו די שוים אינטערעסאנט און

אויפרעגענד, אָבער קיין תכלית איז דאָס ניט. אייביג זיין אַזוי טאָר מען ניט. דער לייכטער און שפּילעוודיגער עפּיקורעאיזם אויב ער ציהט זיך צו־לאַנג, קאָן נאָך חלילה פאַרוואַנדעלט ווערען אין שווערער און טרויעריגער אפּיקורסות. דער דורכזיכטיגער און זיסער פּעסימיזם, וואָס גיט צו אַזוי פיל חן דער יוגענד, קאָן נאָך מיט דער צייט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ שווערען אומעט, וואָס פאַשפּאַרט די וועגען צו דער בלויער און ליכטיגער ווייט־קייט און פאַר'סמ'ט דאָס האַרץ מיט אומגלויבען און יאוש.

עס מוז זיך באַווייזען אַ העכערער זין און אַ טיפערער גלוי־בען אין די אינערע כוחות און אין דעם לעבען אַרום. דער טאַלאַנט, וואָס איז נאָר טאַלאַנט, איז נאָך ניט אַלץ. ער מוז איינגעשפּאַנט ווערען אין דינסט פון אַ לעבענס־גלויבען און וועלט־אַנשויאונג, ניט מיט צוואַנג חלילה, נאָר לויט ליבע, געפיהל און פאַרשטאַנד, וואָס שטאַמען פון טיפערע מקורות און העכע־רע ספערען. עס מוז קומען די אויסלייטערונג, וועלכע וואַרפט אָפּ אַלע עלעמענטען, וואָס זיינען פאַרבייגעהענד און לאָזט איבער דאָס שטאַנדהאַפטיגע, דעם עיקר און דעם יסוד.

איך גלויב, אַז אין דעם בוך עסייען האָט זיך שטיינבערג באַוויזען אין זיין אמת'ן כח. דאָס הייסט ניט, אַז זיינע וואַנד־לונגען האָבען זיך געענדיגט (ווייל ווי איז צו דעם דיכטער, וואָס האָט שוין אַלעס געפונען!). דאָס הייסט נאָר, אַז ער האָט נאָך לאַנגע וואַנדערונגען און בלאָנדזשעניש געפונען זיין וועג, אויף וועלכען ער דאַרף געהן. עס איז ניט קיין בוך פון שירים, נאָר פון רשימות און עסייען. אָבער דער, וואָס לייענט די זאַכען ווי מ'דאַרף זיי לייענען, וועט שוין צוריק מיט קיין ליידיגען ניט אַוועק.

דאָ נעמט אונז ניט נאָר דאָס רייפקייט פון שפּראַך און געדאַנק, נאָר אויך דער צוגאַנג, וואָס איז אָריגינעל־אידיש און דער פאַרנעם, וואָס איז ברייט און היסטאָריש. עס איז אַ

קאָנצענטרירט בוך, וואָס האָט דעם שרייבער געקאָסט ניט נאָר א סך צייט און ארבייט, נאָר אויך א סך לעבענס־חכמה און שאַ־פונגס־ענערגיע. עס איז א בוך — א סך־הכל. א תמצית פון א פּאָעטיש וואַנדלען, לעבען, פיהלען און זוכען. ס'איז דאָרט ניטאָ קיין איין ליד, אָבער עס זיינען דאָ דאָרטען שורות, גע־שריבען אין פּראָזע, וואָס ציטערן און דופּטן מיט אמת'ער דיכ־טונג. עס זיינען באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען — וועגען שרייבער און ביכער, וועגען שפּראַך און ליטעראַטור, וועגען לעבען און שאַפען — אָבער דורך אַלע געהט דורך ווי א רויטער פאָדים איין טיפער פאַרלאַנג און איין הייסער באַגעהר — צו באַנייען דאָס אידישע לעבען און אויך די ליטעראַטור מיט'ן גייסט פון אמאָליגער גרויסקייט, מיט דער גבורה פון טאַט, מיט'ן פּרימי־טיוועך כח פון די אוראַלטע צייטען, מיט די אמאָליגע קדמונים־העברעער פון כנען.

דער שטאַרקער מאָמענט אינ'ם בוך איז ניט דער נאַציאָ־נאַליזם, ניט דער העברעאיזם — אין זיין מאָדערנער ליכט; ניט ציוניזם — אין זיין פלאַכער אויסטייטשונג — נאָר: דער אי־דישער ראַסען־געפיהל. די אידישע ראַסע איז פאַרוואַסערט און פאַרטונקעלט און דערפאַר איז אויך אונזער שאַפונגס־כח פאַר־מינערט און ערשעפּט. ווייל דאָס איז דער ציל און דאָס איז דער קערן פון וועלכע עס וואַקסט אַן אָרגאַניש לעבען. אָט דעם מקור פון שאַפען און לעבען זוכט ער אומעטום. אין זיין כאַ־ראַקטעריסטישער עסיי „שורה" (וועגען דער באַזונדערער שורה פונ'ם ליד) זוכט ער ניט דאָס ליד אָדער דעם גאַנצען קבוץ פון לידער. אים אינטערעסירט ניט דאָס אבסטראַקטע, דאָס מאָראַלע און דאָס גרויסע אין פאַרנעם, נאָר די איינצעלנע שורה, דער קור־צער פּאָעטישער אויסדרוק, וואָס איז אַנטשטאַנען פון דער אמת'ער באַהעפטונג פונ'ם דיכטער מיט דער נאַטור, און וואָס ווערט ניט פאַרשוואונדען.

אין „שדפון" געהט ער נאָך דעם פויער, וואָס זוכט דעם

קערן אין איינצעלנעם זאַנג, און זוכט דעם פּסוק, דעם זאַץ אין דער פּראָזע. און אין „ככר לחם" באַזינגט ער דעם לאַבען ברויט פון דעם האָרעפּאַשניק, דאָס אייגענע און „ריינע ברויט, וואָס ווערט געמאַכט פון ווייץ, וואָס וואַקסט אין גליל".

און אין דעם מענשען, דעם אידישען מענשען, זוכט ער ניט קיין סך קולטורען און צונויפגעזאַמעלטע ידיעות פון דאָ און דאָרט, פון פרעמדע קוואַלען, נאָר דעם אייגענעם ראַסען־געפיהל, דעם בליק, וואָס דרינגט אריין טיף אין לעבען און באַהערשט אים, דעם מענשען, מיט דער מוטער־ערד, מיט דער נאַטור.

ער געהט און פיהרט זיינע לעזער צוריק צום תנ"ך. געניער: צום עפּישען טייל פון תנ"ך. ער וויל אויפלעבען דעם אַלטען אידישען עפּאָס. אין „שלשת הספרים הנעלים"—שופטים, שמואל, מלכים — זעהט ער דעם אומבאַריהרטען און אומבאַפלעקטען עפּאָס פון דער אַלטער העברעאישער ראַסע, וואָס מיר, ווייטע און מאָדערנע קינדער פון אַט דער ראַסע, קוקען זיך איין אין איר נאָר זיך צו באַרימען—ניט פאַרשטעהן, ניט פאַרגעניגען האָבען, נאָר באַרימען זיך: ווייל דאָס איז דער ריכטיגער סימן פון יעדען פּאַראַרימטען יורש.

דער מאָדערנער איד, „דער פּאַראַרימטער יורש", האָט ליב זיך באַפּוצען מיט מאָראַל־טריפענדע פּסוקים פון די נביאים. אָבער די אמת'ע אוצרות פון תנ"ך, דער פּרימיטיווער און קרעפּטיגער טאַט, די זיינען פאַר'חתמ'עט פאַר אים. די אַמאָליגע אידען, די קדמונים, זיינען ניט געווען אַזוי בלוטלאָז און ראַסען־שוואַך ווי מיר, זייערע אָפּשטאַמער. זיי זיינען געווען גבורים אין זייער שלעכטס ווי אין זייער גוטס, אין זייער אומרעכט ווי אין זייער רעכט. זיי האָבען עס טאַקע אָנגעזאָגט „ולא ילמדו עוד מלחמה" (זיי זאָלען זיך ניט לערנען קיין מלחמה). זיי האָבען אָבער אויך געזאָגט „לא תחיה כל נשמה" (זאָלסט ניט לעבעדיג לאָזען קיין נשמה פונ'ם שונא). פונ'ם עפּאָס פון תנ"ך שיינט אַרויס צו אונז אַ מערקווירדיגע גבורה, אַ פאַרכאַפּענדע קראַפט.

זיך מיט'ן לעצטען מלך צדקיהו, וועלכען מ'האָט בלינד געמאַכט אויףביידע אויגען.

אָט די שאַרפע דורשט נאָך אמאָליגער תנ"כ'ישער גבורה פיהלט זיך אין אַלע זאַכען פון דאָזיגען בוך. און עס זעהט אויס, אַז ער, שטיינבערג, איז אַ סך נעהענטער צו די אמאָליגע די מענשען און די העלדען פון די ערצעהלונגען זיינען אָפען און מוטיג — אין זייער ליבע און אין זייער שנאה, אין זייער אויפ־שטייגען ווי אין זייער פאַלען. אחאב און אליהו, דער מלך און דער נביא, קוקען זיך איינער אין צווייטענ'ס אויגען: „המצאתני, אויבי?! מצאתי!" — (האָסטו מיך געפונען, מיין פיינט?! איך האָב געפונען!). דאָ זיינען די ווערטער ניט קיין ווערטער, נאָר טאַטען, פייערדיגע צונגען, וואָס רייסען זיך אַרויס אין דער פאַטאַלער שעה, ווען צוויי פיינדליכע כחות באַגעגענען זיך און מוזען אויסקעמפען זייער רעכט אויף לעבען. ער זוכט און בייגקט ניט נאָכ'ן לירישען, מאַראַלישען, אַלגעמיין־מענשליכען, נאָר נאָכ'ן פּלאַסטישען, פּרימיטיווען, ספּעציפיש־אידישען. ער געהט אַריין אין תנ"ך ניט דורך דער טיר פון ישעיהו און עמוס, נאָר דורך שופטים, שמואל און מלכים. ער פאַרגלייכט די שאַ־פונגען פון די נביאים צו פּיראַמידען. זיי שטעהען צום אָנקוקען אָבער ניט צום באַנוצען זיך. פון דרויסען ווערסטו ערשטוינט פון זייער שעהנקייט. אָבער אינעווייניג האָסטו ניט וואָס צו טאָן, דאָרט רוהט די פינסטערניש פון דורות, וואָס זיינען אַוועק אויף אייביג. די נבואה איז ווי אַ טייערער און אַלטער נרד־פּלאַנץ, וואָס היט אָפּ זיין ריח און פאַרב טויזענטער יאָרען. און עד־היום איז פול די וועלט פון זיין שטאַרקען ריח. און דערפאַר האָבען די גויים, גלייך ווי די אידען, ליב די נביאים. אָבער די ערצעהלונגען פון תנ"ך, מיט זייער אונפאַרגלייכליכען עפּאָס, זיינען געבליבען נאָר אונזערע. „אין זיי רינט דאָס בלוט פון דער ראַסע", דאָ ביזטו אינווייניג. דו געהסט אַריין דורך דעם גלוסטי־גען טויערעל, וואָס הייסט „שירת דבורה", ביז דער וועג ענדיגט

געשטאַלטען ווי צו מענשען פון אונזען צייט, וואָס לעבען מיט אונז.

דערפון נעמט זיך אפשר אויך דער טאָן, וואָס קלינגט ווי גאווה, ווען ער רעדט וועגען שרייבער פון היינט. און כאָטש דאָס וואָס ער זאָגט וועגען יהואָש, א. רייזען, שלום אש און אַנדערע שרייבער, האָט ניט ווייניג איבערצייגונגס־כח, קלינגט עס פאָרט ווי צו־גרויס. ווייזט אויס, ער איז ניט פעהיג אויפצונעמען זאַכען און מענשען וואָס אטעמען אַנאַנדער לופט, א מער ערדישע, א מער געגענוואַרטיגע. דערפאַר קומט אויס, אז ער רעדט פון דער הויך, אז ער קוקט פון אויבען אראָפּ, באַקומט זיך דער היפּך פון זיין שיטה און גאנג אין די ערשטע זאַכען: דאָרטען, אין דעם אמאָל, וויל ער דערגרונטעווען דעם תוך, אויסשיילען דעם קערן, געפינען די צעל, כאַפּען דאָס פרימיטיווע, דאָס עלעמענ־טאַרע און געזונטע. אָבער דאָ, אין דעם היינט און זיינע ערשיי־נונגען און מענשען, וויל ער פאַרטונקלען דאָס ערדישע, פאַר־שלייערן דאָס פּערזענליכע, פאַרוויקלען דאָס ממשות'דיגע און אָנצייכנען א פאַרוואָלקענטע געשטאַלט, אבסטראַגירען דאָס לע־בען און עס מאַכען פאַר א מליצה, פון וועלכער ער אנטלויפט ווי פון פייער.

דערפאַר זיינען זיינע אָפּהאַנדלונגען פון שרייבער ניט קיין גאַנץ געלונגענע. ער מוז, ווייזט אויס, זעהן זאַכען פון וויטען— דאַן ווערען זיי פאַר אים קלאָר. פון דער נאָהענט איז אים שווער צו זעהן. דערפאַר קומען אויס די נאָהענטע דערווייטערט און די ווייטערע דערנעהענטערט.

ער האָט דערשמעקט דעם תנ"ך — דעם אורקוואַל פון אי־דישען שאַפען. און דאָ איז א באָדען אונטער די פיס און א הימעל איבער'ן קאָפּ. עס וואַקסט פון אונטען און עס שיינט פון אויבען. עס איז דאָ פון וואַנען צו ציהען די חיונה און ביי וועמען צו וואַרעמען זיך. עס זיינען אַלץ גדולים און גבורים, נביאים און קדושים.

דערפאר זיינען זיינע „רשימות" אויך פון שפּראַכליכען שטאַנדפּונקט אַ דערגרייכונג. עס איז דאָ אין זיי איינגעהאַל־טענע קראַפט. אין זיינע מאמרים „עברית" (העברעאיש) און „תבנית הספר" (דער פאָרמאַט פון'ם בוך) באַווייזט ער זיך אין זיין אייגענאַרטיגער ליבע צו דער שפּראַך און צום בוך. די שפּראַך, וואָס ווייזט אויס קאַרג, איז ניט קאַרג צו אירע געטרייע און געדולדיגע קינדער. זי פאָדערט קרבנות, און דער, וואָס איז פעהיג און וויליג צו געבען — קריגט זיין לוין מיט אַ פולער האַנט. נאָר דער באַטריגער און די לייכטזיניגע, די, וואָס ווילען גיך רייך ווערען, ווערען געשטרויכעלט און פאַרפּלאָנטערט אין נעץ פון מליצה, פון שפּראַך־כשוף, וואָס מאַטערט אויס. אָבער צו אמת'ע און געטרייע גיט זי דאָס גליק פון אויסדרוק, דאָס רייכקייט און שטאָלץ פון גרויסען און אונגעוועהנליכען. און דער שרייבער, וואָס פאַרשטעהט זיין באַרוף און זיין ווערט, זיין אויסדערווייַלטקייט און זיין איינציגקייט, וועט זוכען צו שאַפען זיך ניט קיין סך אין כמות, נאָר עטוואָס, וואָס זאָל האָבען וואָג. מיר האָ־בען זיי געציילטע, אויסדערוויילטע. ביי אונז איז אַ פּרק, — אַ דערגרייכונג. אַ בלאַט גמרא—אַ פאַרמעגען.

# פון דער גאָלדענער פאַרגאַנגענהייט

אונזער ליד פון שפּאַניע (די גאָלדענע שפּאַניש־העברעאישע תקופה) שלמה אבן־גבירול, משה אבן־עזרא, יהודה הלוי, איבערזעצט מיט איינלייטונגען און באַמערקונגען פון י. י. שוואַרץ. אַרויסגעגעבען פון אידישער קולטור־געזעלשאַפט, פילאַדעלפיער צווייג, ניו יאָרק, התרצ"ב, 301 ז.

**א.**

איבערזעצען אַ קינסטלערישׂ ווערק איז מער ווי אַ ליטעראַרישע מלאכה. עס פאָדערט זיך, אַז דער איבערזעצער אַליין זאָל זיין אַ קינסטלער. ער זאָל כאַפּען ניט נאָר דעם אייגענאַרטיגען אָריגינעלען סטיל, נאָר אויך דעם אינערליכען ריטם, דעם געדאַנקען־גאַנג און נשמה־ציטער פונ'ם קינסטלער וועמעס ווערק ער זעצט איבער. ער דאַרף זיך באַהעפטען מיט'ן מקור כדי זיין שיינקייט און רייץ איבערגעבען אין אַן אַנדער שפּראַך.

און אויב אין פּראָזע ווערט „אַזעלכעס" געפאָדערט פונ'ם איבערזעצער — אַ פּשיטא שוין אין פּאָעזיע. דאָ זיינען די פאָדערונגען, און דערפאַר די שוועריגקייטען, נאָר גרעסער. דאָ מוזען אָפּגעהיט ווערען אי דער אינערליכער אי דער אויסערליכער ריטם, דאָ מוז זיך אויך „גראַמען", דאָ איז דער עול נאָך שווערער און שטיפער, דאָ איז נאָך מער דער פאַרגעניגען פונ'ם לעזער פּראָפּאָרציאָנעל צו די ליידען פונ'ם איבערזעצער־איבער־

דיכטער. ווייל כדי דער צוועק זאָל דערגרייכט ווערען, ד. ה. כדי דער לעזער אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער די ליד ווערט איבערזעצט, זאָל דערפיהלען דעם אמת און די שעהנקייט פונ'ם ליד אין אָריגינאַל, מוז דער איבערזעצער זיך צוזאַמענגיסען מיט'ן דיכטער, אַראָפּ צום אָפּגרונד פון זיין דיכטערישער וויזיע, אַרויס'כשופ'ן פון דאָרטען דאָס טיפע, דאָס עכטע, אָט דאָס וואָס דער דיכטער האָט געזעהן און געהערט און מיט די זעלבע קלאַנגען, כאָטש אויף אַן אַנדער שפּראַך, און מיט דעמזעלבען אופן, כאָטש מיט אַנדערע ווערטער, אונז געבען די דיכטונג, אונז באַשענקען מיט דער מתנה פון ערשטקייט, און עכטקייט, פון שאַפען.

דערפאַר איז אַן אמת'ער איבערזעצער פון פּאָעטישע ווערק אַן איבערדיכטער אָדער אַ מיט־דיכטער. און דאָס צו דערגרייכען פאָדערט זיך ניט נאָר גרויסע ארבייט און פלייס, ניט נאָר ליבע צום דיכטער און טרייהייט צו זיינע חלומות, נאָר אויך פיל פּאָעטישע חכמה, מיט איין וואָרט . . . דיכטערישער טאַלאַנט.

און אויב אין באַצוג צו מאָדערנע דיכטער אַזוי — וויפיל־זשע מיה און וויסען, טאַלאַנט און חכמה פאָדערט זיך פון איי־נעם וואָס איבערזעצט פון אַלטע, אַמאָליגע דיכטער, וואָס זייער לשון און זייער אופן שרייבען פאָדערען אָפטמאָל אַ פּירוש?

דאָ דאַרף דער איבערזעצער בייקומען ניט נאָר פּסיכאָלאָ־גישע און שפּראַכליכע מחיצות, נאָר אויך צייט און דורות מחיצות. דורך אַ וויטער און סודות־פולער שטרעקע פון 900 יאָר שטרעקט אויס אַ אידיש־אַמעריקאַנער פּאָעט פון היינט זיין האַנט און עפענט אויף זיין אויער און זיין האַרץ, צו די גרויסע ליכטיגע גייסטער פון דער העברעאישער פּאָעזיע, וואָס האָבען געלעבט אין שפּאַניע אין 11טען יאָרהונדערט.

אַזוי אַרום באַקומט שוואַרצ'ס אַרבייט אויך אַ גרויסען קולטור־היסטאָרישען ווערט. ער האָט געשאַפען אַ בריק צווישען

דורות און צוריק דערנעהענטערט נאָהענטע וואָס זיינען דער־ווייטערט געוואָרען. פאַר אידיש — איז זיין בוך א גרויסער ביטראַג, ווייל שוין לאַנג זיינען אַזעלכע קלאַנגען ניט געהערט געוואָרען אין איר. און פאַר העברעאיש איז דאָס וויכטיג ווייל ווידער אַמאָל ווערט דערהערט דאָס טיפע און פאַרכאַפּענדע וואָרט פון דער העברעאישער שאַפונג וואָס ציט זיך דורך דורות און דורות.

ב.

דאָס איז ניט „צוגענומען ביי די העברעאיסטען און אוועק־געגעבען די אידישיסטען", נאָר צוגעפּאַלען צום אייגענעם קוואַל, וואָס איז אַזוי פריש, און אָנגעטרונקען זיך און אַנדערע, דער־פרישט און געשטאַרקט מיט אַלטען־אַלטען וויין דורך א נייע כלי.

פאַר אונז שטעהט אויף דאָס וואונדערבאַרע געשטאַלט פונ׳ם טיפען און דורכזיכטיגען פּאָעט־פילאָזאָף שלמה אבן־גבירול, וועמעס „זעל דרינגט אריין ביז די גרונטען" און וועמעס „ליד איז א מעסער געשליפען". ער איז פאַרליבט אין גאָט און ביינקט נאָך זיין גרויסקייט און סודות׳דיגקייט. דער טיפער רעליגיעזער עקסטאַז וואָס שטראַלט ארויס פון זיינע לידער, זיין איינזאַמקייט אויף דער וועלט צווישען מענשען וואָס זיינען אים פרעמד און זיין באַהעפטען זיך מיט דעם געטליכען, זיין קרישטאָל־ריינע ליבע צום ערהאַבענעם און זיין קאָסמישע בענקשאַפט, זיין שטורם און זיין שוואונג — פאַרכאַפּען אונז און גיסען אריין אין אונזער נשמה עטוואָס פון זיין גרויסקייט, א טראָפּען פון זיין געניאַליטעט.

ווייניג געלעבט און יונג געשטאָרבען (צו עטליכע און דריי־סיג יאָר). פון דער ווייסער פּאָעטישער קרענק — שווינדזוכט — האָט ער אין די ווייניגע יאָרען זיינע קאָנצענטרירט אין זיך א גוואַלדיג פייער וואָס האָט דעם גייסט זיינעם געמאַכט פאַר׳ן האר און הערשער איבער׳ן חומר. ער האָט זיין גדלות געפיהלט אין

זיך, אין שפּיץ פון זיינע פינגער, אין יעדען ציטער פון זיין נערוו, און האָט די דאָזיגע גדלות אַרויסגעזונגען. ער האָט דער וועלט אין פּנים געשפּיגען ווייל זי האָט זיך פאַר אים פאַרזינדיגט.

איר אויג קען מיין ליכט נישט פאַרנעמען —
איז זי דאָך די וועלט אַזוי בלינד,
נאָר אויב זי וועט מאָרגען זיך שעמען —
וועל איך איר פאַרגעבען איר זינד.

ער איז גרעסער פון דער וועלט, ער איז ריינער פון איר, דער זינדיגער און בלינדער, וואָס קאָן ניט פאַרנעמען זיין ליכט. אָבער אויב זי וועט זיך פאַרשעמען, וועט ער איר פאַרגעבען.

אָט די דאָזיגע גדלות, און טיפע איינגעגלויבטקייט אין זיך, זיינען פון זיינע מערקווירדיגסטע שטריכען. אָבער זיי זיינען ניט נאָר זאַכען פון וועלכע ער רעדט, נאָר אויך אַזוינע וואָס באַווייזען זיך ביי אים ווען ער ווייסט אפילו ניט פון זיי. און אין דעם ליגט זיין כח.

דער כח פון העברעער חכמה, „פון וויסען און ריינעם פאַרשטאַנד". ער איז דער איינציגער שומר וואָס היט איבער איר און באַוואַכט זי.

קען איך זי פאַרלאָזען — אַז גאָט האָט
פאַרקניפּט אונז אין אייביגער בינט;
קען זי מיך פאַרלאָזען — זי איז דאָך
אַ מאַמע צו איר, צו איר קינד.

און אין זיין מייסטערווערק „כתר מלכות" (פון וועלכער שוואַרץ האָט איבערזעצט נאָר די ערשטע העלפט) באַווייזט ער זיך צו אונז אין זיין גאַנצער גרויס. דורך די גלגלים און די ספירות, דורך קבלה׳יש־אסטראָלאָגישע אויסרעכענונגען, דורך דער נעאָ־פּלאַטאָנישער אויפפאַסונג פון דער וועלט, דורך בענק־

שאַפט און געטליכער וויזיאָנערישקייט, דורך שטראַלענדער שיינ־
קייט און לויטערער שפּראַך, דורך גדלות און עניוות — געהט
ער ווייטער און טיפער צום סוד פון דער וועלט, צו דער איי־
ניגקייט, צום כתר און צום מלכות.

און כאָטש אויף אַזעלכע הויכען קאָן זיך פאַרדרעהען דער
קאָפּ און דער קליינער מענשליכער שכל זאָל ווערען פאַרלוירען,
פאַרשעמט — שטעהט ער דאָ פאַר אונז, דער געניאַלער שלמה
בן גבירול, שטאַרקער און פעסטער ווי תמיד, לויטערער און
שטראַלענדער ווי תמיד. עס איז דאָ די זיכערקייט און רוהיג־
קייט פון איינעם, וואָס האָט דעם גרויסען סוד געפונען, וואָס
האָט דאָס גרעסטע גליק דערגרייכט. עס איז די גרויסע חכמה,
דער ריינער פאַרשטאַנד, בינה, צו וועלכער ער האָט מיט אַזוי
פיל בענקשאַפט געשטרעבט אַלע זיינע יאָרען.

עס איז אַ פילאָזאָפישע וועלט־סיסטעם וואָס איז באַלויכ־
טען מיט דער גרויסער ליכט פון פּאָעזיע. עס איז דער הימעל
פון פאַרשטאַנד און אין אים לייכט די זון פון געפיהל, פון
נשמה. עס איז די געבענשטע פאַראייניגונג פון אַלע יסודות, פון
וועלט און מענש. און איבער זיי, איבער וועלט און מענש,
איז דער „אל חי" — דער לעבעדיגער גאָט, וועלכען דער פּאָעט
האָט אויף אַלע וועגען געזוכט, דער וועמען אַלע פּאָעטען און
פילאָזאָפען פון אַלע דורות זוכען.

דערפאַר איז אונז דער ווייטער בן־גבירול אַזוי נאָהענט.
ווייל אפילו אין זיין דערהויבענקייט און אין זיין געטליכקייט איז
ער אַזוי מענשליך און פאַרשטענדליך. אַזאַ ליד, ווי ער האָט גע־
זונגען, און ספּעציעל אין „כתר מלכות", ווערט קיינמאָל ניט אַלט.
דאָס איז דער אייביגער וועג פון מענשליכען זוכען.

ג.

און אָט ערשיינט דאָס געשטאַלט פון משה אבן־עזרא ווע־
מעס „ליד איז צידונג פון גינגאָלד און וועט אייביג פאַרגעסען

ניט ווערען". אין דעם אויסוואַל פון זיינע לידער וואָס שוואַרץ האָט איבערזעצט, מיט פיל מייסטערשאַפט, זעהן מיר אַ גרויסען ערדישען דיכטער. ער זעהט און פילט דעם כח פונ'ם לעבען, דעם כשוף פון דער ליבע, דעם מאַגנעטיזם פונ'ם וויין. ער איז אימפולסיוו, דינאַמיש, ליידענשאַפטליך. זיינע קליינע שירים פונ'ם „ספר התרשיש" זיינען ווי בלישצענדיגע פערל, זיינע פּאָעטישע בילדער איבערראַשענד. זיינע ליבע־לידער אָטעמען מיט היים בלוט, מזרח־בלוט. ער איז געווען דער „אייראָפּעער" אין זיין דור, ד. ה., נעהענטער צו דער דרויסענדיגער הערשענ־דער קולטור, וואָס איז דעמאָלט געווען ניט „אייראָפּעאיש" נאָר אַראַביש.

און אין די שירי חול זיינע איז ער אַזוי מענשליך און פאַרשטענדליך, אַזוי נאָהענט און ליב צום מאָדערנעם לעזער. און אויב אין אָריגינאַל איז דאָ אַביסעל אויסערליכע פרעמדקייט, ווייל זיין שפּראַך איז ניט אַזוי קלאָר און שטאַרק ווי בן־גבירול'ס און ניט אַזוי צאַרט און דורכזיכטיג ווי הלוי'ס, איז אין אַ נייעם גלגול, אין אַ נייער שפּראַך ניטאָ די דאָזיגע מחיצה. ווען מיר הערען אַ דיכטער פון צוריק מיט קנאַפּע 900 יאָר צוריק זינגען:

ס'האָט אַ זון אין דער נאַכט פון מיין ליבע
זיך צעשטראַלט אינדערפינצטער מיט שיין.
ס'איז דאָס מויל פון געליבטער אַ בעכער
פול מיט דופטיגען גאָלדיקן וויין.

פיהלען מיר, אַז דאָ שטעהט פאַר אונז אַ יונגער און אַ פריי־שער דיכטער, ניט איינער וואָס האָט אַמאָל געלעבט, נאָר וואָס לעבט אַצינד, מיט אונז.

און די וויין־לידער באַקומען ביי אים גאָר אַן אַנדער אינ־האַלט, גאָר אַ באַזונדערען רייץ. ס'איז ניט קיין שכרות און ניט קיין תאווה, נאָר אַ מיטעל צו פאַרשאַרפען דעם חוש־השמיעה, צו

ראַפינירען דעם געפיל. דער ווײַן דאָס איז דאָס בלוט פון׳ם דיכ־טער, דאָס איז דער פּליסיגער חומר דורך וועלכען דער גאַרענדער און בייענקענדער נאָך ליבע קומט אין באַרירונג מיט׳ן זיסטען טעם פון לעבען, מיט׳ן תוך וואָס איז פאַרשטעלט.

דער ווײַן רעדט ניט הויך, רעדט געלאַסען און שטיל,
נאָר ס׳פאַלען די שטאַרקסטע פאַר אים;
זיין אויסזעהן איז כשוף, זיין וואָרט איז געפיל,
און צערטליך און זיס איז זיין שטים.
מאַכט לעבעדיג מענשען און טויט, מאַכט זיי טריב
אי שטאַרק און אי שוואַך איז זיין ליד;
דעם קלוגען באַרוהיגט ער צערטליך און ליב,
דער נאַר ווערט פון תאווה צעגליט.

אַט אַזוי באַזינגט ער דעם ווײַן און, ווי אַ קלוגער, ווערט פון אים באַרוהיגט „צערטלאַך און ליב". ער הויבט אָן זעהן בעסער און טיפער. ווען ער הערט זיין נאָמען ווערט זיין אויער שאַרפער „באַ׳טעמ׳ט דאָס מויל, די הענט זיי ווערען לייכטער, דער אָטעם דופטענדיג פון זיינע שטראָמען".

אין זיין ליד „אש קדחו אוריו" (אין אידיש: ווײַן און וויי) שאַפט ער וואונדערבאַרע בילדער און דערהויבט דעם ווײַן ביז צום הימעל.

דער טיש איז רונד ווי אַ צעשפּרייטער הימעל
און ווי די שטערן — אין די הענט באַקאַלען
און טרינקען זיי — דאַן ווערען הענט און באַקען
באַלויכטען, ווי מיט לעצטע זונען־שטראַלען,
די בעכער ווערען שווער צום האַנט ווען ליידיג,
נאָר לייכט ווי פייגעל ווען דערגאָסען ווידער;
אַזוי איז לייכט דער גוף מיט אַ נשמה,
פאַרפליהט נשמה — פאַלט דער גוף אַנידער.

ווייטער זינגט ער:

איך בעט דיך, שפּילער, שפּיל, מיין האַרץ מאַך ציטערן,
ווי אַ שאָטען זאָל מיין שווער געמיט פאַרשוועבען,
עס ציטערט־מיט מיין האַרץ מיט דיינע סטרונעס,
איין סטרונע שווייגט, די צווייטע קומט צום לעבען,
ער יאָגט אַזוי געשיקט איבער די סטרונעס
מיט פלינקע, צאַרטע, גלעטענדיגע פינגער ;
ער ברייגגט די פרייד אַריין אין וויסטע הערצער
און עלענדע געמיטער ווערען גרינגער.

מיט אַזוינע איבעראַשענדע בילדער און פאַרכאַפּענדער שעהנקייט זיינען אָנגעפילט זיינע לידער. און אַזוינע ליבע־לידער ווי „אַ גרוס צו זיין געליבטער" (פּתאום יצורי אוהבים), די „טעדזינס" (פון בוך תרשיש) און אַנדערע זיינען מוסטערן פון פּאָעטישער מייסטערשאַפט און ניט אין איינעם פון די מאָדערנע העברעאישע דיכטער פילען מיר זייער השפּעה, וואָס איז דורך פאַרבאָרגענע וועגען, אפשר אומבאַוואוסט פאַר זיי, געקומען צו זיי.

## ד.

און צום סוף — שטעהט אויף פאַר אונז דאָס וואונדער־ליכע און פאַר'חלומ'טע געשטאַלט פון יהודה הלוי. ער איז דער באַוואוסטער און באַליבטסטער פון די דריי. בשעת מען האָט שלמה אבן גבירול'ן געדאַרפט ניט איינמאָל אַרויסברייגגען אין פאָלק'ס זכרון און משה אבן־עזרא'ן, אַלס דיכטער און קריטיקער, האָט מען געדאַרפט ניט איינמאָל ענטפּלעקען, איז יהודה הלוי דורכגעוועבט און איינגעקניפּט אין פאָלקס פאַנטאַזיע. ער איז דער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער, וואָס האָט פאַראייביגט דאָס פאָלקס־בענקשאַפט נאָך מוטער ציון און דערפאַר אַליין, און פון זיך, פאַראייביגט געוואָרען אין זכרון פון פאָלק. אין אים האָט געפּלאַקערט, מער ווי אין אַלע פּאָעטען, דער פייער פון משיח'יזים. ער איז געווען אַ רעליגיעזער פּאָעט, ער האָט

אין זיינע „שירי קודש" זיך דערהויבען צו די געטליכע הויכען, זיין דבקות און זיין תפילה, זיין בענקשאַפט און באַגער צו גאָט זיינען גרויס און טיף; און אַזוי אויך זיינע נאַטור און ליבע לידער זיינען פאַרכאַפּענד, אָבער אַלע זיינע כחות און זיין גאַנצען וועזען האָט ער קאָנצענטרירט און אָפּגעגעבען דעם פאָלק, וואָס איז אין גלות, און דעם לאַנד וואָס איז חרוב. ער האָט גאָט און מענש פאַראייניגט אין באַגריף פאָלק וואָס קאָן זיין תיקון געפינען אין לאַנד, זיין לאַנד. ער איז פאַרליבט אין גאָט דערפאַר וואָס דאָס איז זיין פאָלקס גאָט. „פעסט אָן ברעג פון זיין מאַנטעל זיינעם האַלט איך מיך", ווייל ער איז דער אָנהאַלט פאַר יעדען און בפרט פאַר איינעם וואָס איז אין דער פרעמד. ער איז — די נשמה פונ'ם פאָלק און פון יעדען פונ'ם פאָלק.

און דערפאַר וואָס ער האָט אַזוי גליהענדיג פאַראייניגט אין זיך די אַלע טייערסטע און הייליגסטע יסודות פון פאָלק ישראל, דערפאַר וואָס דער חלום פון גאולה האָט אָנגעפילט זיין לעבען און האָט געדריקט די שטיינער פון ירושלים צום האַרצען און געקושט זיי ביז'ן לעצטען אָטעם זיינעם — איז ער אַליין פאַר־בליבען אין פאָלק'ס זכרון און פאַנטאַזיע אַן אָרגאַנישער טייל פון זיין גייסטיגען פאַרמעגען, אַן אוצר וואָס בלישצעט און שטראַהלט דורכ'ן נעפּל פון דורות—מיט גרויסקייט, ליבע און פאַרגעטערונג.

און צוזאַמען מיט אבן עזרא'ן זאָגען מיר נאָך:

זיין פערז — ווי אַניקס-שטיינער אויף בריליאַנטען,
ווי שוואַרצער ווייַן, וואָס פריהרט אויף אייז אויף ווייסען,
זיין וואָרט איז טיף און וואָגיג, און פּאָעטען,
זיי קומען קליגען זיך זיין מיין אַרויסצואווייזען.
— — — — — — — — — — — — —

דו הערסט די פערזען און דו שטעהסט פאַרציטערט
און פרעגסט: ווי קען אַ מאַן די שטערן פאַנגען?
די זינגער פון תהילים, וואָלטען זיי דערהערען —
זיי וואָלטען זיך געגרויסט מיט די געזאַנגען.
דער שטאַם פון לוי איז דורך אים דערהויבען,
אַנטפּלעקט האָט זיך צו אים די קונסט פון זינגען.
זיין ליד וועט לעבען אייביג, מיט דער זון צוזאַמען,
עס וועט דער שטראָם פון צייט אים ניט פאַרשלינגען.

די נבואה איז מקוים געוואָרען. דער שטראָם פון צייט האָט הלוי'ן ניט פאַרשלונגען און דורך אים איז דער שטאַם פון לוי, פון גאַנץ ישראל, דערהויבען געוואָרען. זיינע ציון־לידער און ים־לידער לעבען אין אונזער הארצען און אויך אויף אונזערע ליפּען.

אָבער ניט נאָר אין די איז ער גרויס. אויך אין יענע וועל־כע זיינען ווי אַ בייזאַך אין זיין אָפּשאַצונג איז דאָ דאָס אמת'ע גאָלד פון דיכטונג, וואָס ווערט ניט אָפּגעריבען. זיין „ארץ כילדה" (ביי שווארצ'ן: פּרילינג) און זיין „מה לך צבי" (אַ ליבע־ליד), זיין בעלת־כשפים (צו אַ טענצערין) און די איבריגע ליבע־לידער זיינע זיינען אומפאַרגלייכליך פריש און וויברירען מיט אמת'ן ציטער. עס זיינען שורות וואָס בעטען זיך צום זאָגען, צום זינגען. און אַזוי ווי דער איבערזעצער מוז זיי אריינפלעכטען אין זיין אריינפיר — אַזוי מוז עס אויך דער קריטיקער טאָן.

די ערד האָט נעכטען נאָך געזויגען ווי אַ קינד
די שטראָמען פון דעם ווינטערדיגען רעגען;
צי ווי אַ כלה שמאַכטענדיג נאָך איר באַגערטען
פאַרביינקט נאָך זומער, שוויגענדיג געלעגען.
— — — — — — — — — — — — —

די בלומען זיינען זעהר שעהן, און ס'דוכט מיר
זיי האָבען פון קאָליר באַרויבט די שטערן.
— — — — — — — — — — — — —
די הענגלאַך טרויבען זיינען קיהל ווי שנייען
נאָר אין זיי גליהען פלאַמענדיגע פונקען
— — — — — — — — — — — — —
עס לאַכט די ערד צו דעם געוויין פון רעגען,
זי לאַכט און ס'שטייען טרערען אויף איר פּנים,
ווי פערלדיגע שפּריצן פון פאָנטאַנען — — — —

און אַזוי פון אַנדערע לידער — עס שפּריצט מיט לעבען, ליבע און שעהנקייט. אפילו אז ער ווייזט די נאַקעטקייט פון א טענצערין איז דאָס ניט קיין נאַקעטקייט.

— — — זי וואַרפט
די שלייערן אַראָפּ און בלייבט ניט נאַקעט,
ווייל חן און פּראַכט און שעהנקייט וויקלען זי אַרום.

דאָס איז דער כשוף פון פּאָעט וואָס מאַכט דערהויבענע זאַכען נעהענטער און פאַרשטענדליכער, ליבער און אינטימער און ערדישע זאַכען מאַכט ער איידעלער און ערהאַבענער, באַ־קליידט מיט חן און פּראַכט און שעהנקייט. ער שאַפט דעם וואונדערליכען סינטעז צווישען מאַטעריע און גייסט, צווישען מענש און גאָט, צווישען שעהנקייט און אמת.